# י. י. טרונק

# כעלעמער חכמים

אָדער

## יידן פון דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט

פאַרלאַג
"יידבוך"

י. י. טרונק

# כעלעמער חכמים
אָדער
## יידן פון דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט

(מעשיות פון דעם כעלעמער פינקס, וואָס מען האָט נישט
לאנג צוריק געפונען אויף אַ בוידעם פון אַ מיקווה)

פאַרלאַג „יידבור"

ביי דער „געז' פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס איירעס, 1951

I. I. TRUNK

# CHELEMER CHACHOMIM

(LOS SABIOS DE CHELM)

★

Editorial

"IDBUJ"

de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas en la Argentina

Buenos Aires, 1951

י. י. טרונק

# כעלעמער חכמים



ציכענונגען דורך: Ezekiel Schloss, New-York
הילע געצייכנט דורך: B. C. Kozak

# אינהאַלט:

## ערשטע מעשה

ר׳ יוסף לאָקש דער פרנס־חודש פון כעלם. — די נסים ונפלאות וואָס זענען מיט אים געשען אין דער נאַכט פון חנוכה.


**קאַפּיטל איינס**

אַזוי ווי כעלם איז די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט רעדן יידן פון איר בלשון סגי נהור — — — — — — — — — — — — — — 23

**קאַפּיטל צוויי**

אין כעלם שטעלט זיך אַ שווערער ווינטער און עס שנייט. — מרת שאַשע מאַכט אַ סעודת־חנוכה. — ר׳ יוסף דער פרנס־חודש שנאָרכט אויף דער קאַנאַפּע און כעלעמער יידן טאָפּטשען אין גאָלדענע בלאָטעס — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 24

**קאַפּיטל דריי**

ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש רופט ר׳ יוסף צו סידור־קידושין. — ר׳ יוסף איז צעטראָגן און דרייט איבער די יוצרות — — — — — — — — 30

**קאַפּיטל פיר**

ר׳ מנשה ווייזט, אַז ער איז אַ גרויסער בעל־מידות און האָט אויך אין זינען די שפּעטערדיקע דורות — — — — — — — — — — — — 32

**קאַפּיטל פינף**

דריי כלבים באַפאַלן ר׳ יוסףן און נעמען זיך צו זיינע געזונטענע שיך. — ר׳ יוסף פאַלט חלשות און כעלעמער קהל ישובט זיך וואָס מיט אים צו טון — — — — — — — — — — — — — — — — — 34

**קאַפּיטל זעקס**

שאַשינו וויל אויך פאַלן אין חלשות. — נאָר ווער וועט מאַכן דאָס גרויסע געוואַלד? — — — — — — — — — — — — — — — — — — 37

**קאַפּיטל זיבן**

געשטאָרבענע יידן עסן שיך און געקוילעטע גענדז פליען אַוועק — 39

## צווייטע מעשה

### כעלעמער מעשה־בראשית

**קאַפּיטל איינס**

כעלעמער מעשה־בראשית. — ווי אַזוי כעלם איז געוואָרן די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט — — — — — — — — — — — — — — — 43

**קאַפּיטל צוויי**

די כעלעמער חכמים וואַקסן אין די תמוזדיקע היצן. — עס הייבט אָן רעגענען און מען רופט אַן אסיפה — — — — — — — — — — — — 45

**קאַפּיטל דריי**

אין די ערשטע וואָכן נאָך מעשה בראשית. — כעלם האָט דעם שיינעם וואַלד — — — — — — — — — — — — — — — — 47

**קאַפּיטל פיר**

כעלעמער חכמים שפּאַנען זיך איין ווי די אָקסן — — — — — — — — 49

**קאַפּיטל פינף**

די ליטוואַקעס לעבן פון קדמונים אין תוהו ובוהו און חזרן דאָרט ש"ס אויף אויסנווייניק — — — — — — — — — — — — — — — 50

## דריטע מעשה

### כעלעמער חכמים בויען די שטאָט כעלם

**קאַפּיטל איינס**

גייט זיך אַ ליטוואַק און באַמקעט אַ זמרל. — ער ווייזט כעלעמער חכמים וואָס מען באַדאַרף טון — — — — — — — — — — — 53

**קאַפּיטל צוויי**

מען רופט אַן אסיפה און מען באַשליסט צו פּאָלגן דעם ליטוואַק — 56

## פערטע מעשה

### ווי אַזוי כעלם האָט זיך דערטראַכט צו אַ בית־הקברות

**קאַפּיטל איינס**

מען לעבט נישט אייביק. — פה תקבר. — מיט דער חכמה זענען טאַקע אַלע כעלעמער גלייך, אָבער נישט מיטן גוף — — — — — — 61

קאַפּיטל צוויי
רעכן היינט, רעכן מאָרגן. — ר׳ געצל גדליה דער זאַאיקע גיט די קלוגע עצה און חוזק פּויקט צוזאַמען דעם עולם — — — — — — — — 64

## פינפטע מעשה

ר׳ יוסף לאָקש טוט אָפּ דער לבנה אויף טערקיש

קאַפּיטל איינס
ר׳ מנשה גייט אין אַ לבנה נאַכט, זעט וווּנדער און לויפט צו ר׳ יוסף לאָקש — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 73

קאַפּיטל צוויי
די לבנה טרינקט וואַסער און ר׳ יוסף לאָקש וויל איר אָפּטון אויף טערקיש — — — — — — — — — — — — — — — — — — 78

קאַפּיטל דריי
חוזק קומט מיט אַ ברעט — — — — — — — — — — — — — — — 81

קאַפּיטל פיר
ר׳ יוסף כאַפּט די לעמעשקע — — — — — — — — — — — — — — 82

קאַפּיטל פינף
די דריי כעלעמער חכמים גייען אַהיים — — — — — — — — — — — 86

קאַפּיטל זעקס
חוזק איז אַנטשלאָפן געוואָרן און אַן אַנדער שטעטל מיט יידן האָט פאַרגעסן דעם „לא תגנוב“ — — — — — — — — — — — — — 87

## זעקסטע מעשה

ר׳ יוסף לאָקש גייט אָנקוקן וואַרשע

קאַפּיטל איינס
ר׳ קיווע בלאָז דער לאַקירדע — — — — — — — — — — — — — — 91

קאַפּיטל צוויי
עס קומט אַן ארץ־ישׂראל־ייד קיין כעלם און דערציילט פון די טערקן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 94

קאַפּיטל דריי
ר׳ יוסף לאָקש באַשליסט צו גיין קיין וואַרשע — — — — — — — 97

**קאַפּיטל פיר**
איי־לו־לו, ר׳ יוסף לאָקש! — — — — — — — — — — — — — — — — — 99

**קאַפּיטל פינף**
ר׳ יוספס שיך בייטן אויס די יוצרות — — — — — — — — — — — 101

**קאַפּיטל זעקס**
ר׳ יוסף לאָקש איז איינגעגלויבט אין זיינע שיך. — וואַרשע קומט אַקעגן ר׳ יוספן מיט אַ קוילעטש — — — — — — — — — — — — 103

**קאַפּיטל זיבן**
הזאת נעמי? — ר׳ קיווע בלאָז זוכט ר׳ יוספן אין וואַרשע. — כעלם לויפט קיין וואַרשע זוכן דעם פּרנס־חודש. — אַ קשיא אויף אַ יידענע! 105

## זיבעטע מעשה

### כעלם קרוינט אַ מלך

**קאַפּיטל איינס**
די חכמי־כעלם ברעכן זיך די קעפּ פון וואַנען מען נעמט אַ מלך פאַר דער קלוגער שטאָט. — מאַטשעק דער באָד־גוי — — — — — — — — 113

**קאַפּיטל צוויי**
דאָס גויאישע בן־יחידל פון כעלם. — מאַטשעק אין ערב פּסח — 115

**קאַפּיטל דריי**
אגיל ואשמח — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 120

**קאַפּיטל פיר**
אַ מלך אָן אַ קרוין איז ווי אַן אתרוג אָן אַ פּיטום — — — — — — 121

**קאַפּיטל פינף**
ר׳ פּייווקע דער ליטוואַק ברענגט פאַר מאַטשעקן אַ גאָלדענע קרוין — 122

**קאַפּיטל זעקס**
דער כעלעמער מלך טראָגט אַ גאָלדענע קרוין אויף דער פּלייצע און אַלץ בלייבט כמקדם — — — — — — — — — — — — — 124

## אַכטע מעשה

### צוויי כעלעמער חכמים דערגייען זיך די יאָרן

**קאַפּיטל איינס**
חכמה און שמחה זענען די צוויי זייטן פון דער אייגענער מטבע — 129

קאַפּיטל צוויי
ר׳ יעקב מייטלס. — די זיבן גוטע יאָר און זייער סוף — — — — — 130

קאַפּיטל דריי
ויבוא הפליט. — ר׳ יעקב מייטלס דערהערט איובס בשורות — — 132

קאַפּיטל פיר
ר׳ יעקב מייטלס נעבעך אַ יורד — — — — — — — — — — — 133

קאַפּיטל פינף
ר׳ שמואל ר׳משה דודס איז אויך נעבעך אַ יורד. — דאַנציק ברענט
מיט גאָלד און די יידן מאַכן שותפות — — — — — — — — 134

קאַפּיטל זעקס
דאָס רעדעלע פון דער וועלט — — — — — — — — — — — — 139

קאַפּיטל זיבן
ר׳ יעקב מייטלס פאָרט אַוועק אין די וועלדער ביי דער ווייסל — 140

קאַפּיטל אַכט
אַ שקלא וטריא אין כעלעמער פּינקס — — — — — — — — — — 141

קאַפּיטל ניין
נעס, גימפּל, און שפּאַן איין די קאַרע פערד! — — — — — — — — — 142

קאַפּיטל צען
אין דער דראָזשנער קרעטשמע — — — — — — — — — — — — 143

קאַפּיטל עלף
עס רעגנט און ר׳ שמואל פאָרט אין די בלאָטעס. — אין דער פוסטער
קרעטשמע. — אַ קרעטשמער מוז האַלטן די צונג — — — — — — 145

קאַפּיטל צוועלף
ר׳ שמואל דרייט אויס ר׳ יעקבס בויד און רייבט זיך די הענט — 148

קאַפּיטל דרייצן
כעלעמער חכמים טוען אַ קוק — עס איז כעלם! — — — — — — 149

קאַפּיטל פערצן
גאַנץ פוילן וועט לאַכן אין די פויסטן — — — — — — — — — 150

קאַפּיטל פופצן
ר׳ שמואל פאָרט אַוועק עד יעבור זעם — — — — — — — — — 151

קאַפּיטל זעכצן
שפּיל זיך מיט אַ למדן! — — — — — — — — — — — — — — — — — 152

קאַפּיטל זיבעצן
אַ קאַטשקע פליט איבער כעלם, און ר׳ יעקב גרייט צו די פּרשה בלק 153

קאַפּיטל אַכצן
חנה שפּרינצע ווערט אַ וויסטע אלמנה — — — — — — — — — — — 155

קאַפּיטל ניינצן
אַ מענטש שטאַרבט, אָבער די וועלט בלייבט וועלט — — — — — 156

קאַפּיטל צוואַנציק
חנה שפּרינצע חלומט פון דער גילדענער יויך און ר׳ שמואל קלאַפּט
ביים פענצטער — — — — — — — — — — — — — — — — — — 157

קאַפּיטל איין און צוואַנציק
ר׳ שמואל קלאַפּט ווידער אין פענצטער — — — — — — — — — — 159

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק
עס איז קאַליע געוואָרן אין קעניגרייך כעלם. — דער מת־טהור
קלאַפּט ביים פרנס־חודש — — — — — — — — — — — — — — — 160

קאַפּיטל דריי און צוואנציק
די מרת שאָשע חלומט וועגן דער גאַנדז — — — — — — — — — — 162

קאַפּיטל פיר און צוואַנציק
דער מת טהור שרייט: דאָס בין איך, שאָשע! — — — — — — — — 163

קאַפּיטל פינף און צוואַנציק
ענדע גוט — אַלץ גוט — — — — — — — — — — — — — — — — 164

## ניינטע מעשה

### כעלעמער שרייבער און זייערע מחלוקתן

קאַפּיטל איינס
אַן אומבאַקאַנטער כעלעמער ייד שרייבט אַן אני הגבר און עס איז
כדאי צו האָרכן — — — — — — — — — — — — — — — — — 167

קאַפּיטל צוויי
נישט געדאגהט וועגן באַשרייבער פון כעלעמער פּינקס! — — — 169

**קאַפּיטל דריי**
בעלי פשט, בעלי־פּייט און אַן אָנשיקעניש פון מבינים — — — — — 170

**קאַפּיטל פיר**
ר׳ שבתי דער מבין זאָגט בע און מע — — — — — — — — — — 172

**קאַפּיטל פינף**
די בעלי־פּשט און די בעלי־פּייט לעבן צווישן זיך ווי טייבעלעך און
עסן זיך פון די פּיסקעלעך — — — — — — — — — — — — 175

**קאַפּיטל זעקס**
חושך ואפילה. — כעלם מאַכט אַ קאָזשעליק און ר׳ שבתי כאַפּט פּעטש 177

## צענטע מעשה

ר׳ גאָדל כעלעמער און די ווייסל

**קאַפּיטל איינס**
ר׳ גאָדל לאַכט זיך אויס פון דער ווייסל — — — — — — — — — — 183

**קאַפּיטל צוויי**
ויהי בלילה ההוא. — אַ שדים־חתונה פון ווינטן און שנייען. — די
ווייסל ווייזט ווער עס איז עלטער — — — — — — — — — — 185

**קאַפּיטל דריי**
ר׳ גאָדלס טראַטוועס — אַש און ווינט — — — — — — — — — 186

**קאַפּיטל פיר**
די ווייסל בשותפות מיטן מזל — — — — — — — — — — — — 187

**קאַפּיטל פינף**
ר׳ גאָדל פּאָרט צו דער ווייסל — — — — — — — — — — — 188

**קאַפּיטל זעקס**
ער מעג זיך אָנטון די טאָרבע און גיין איבער די הייזער — — — — 189

**קאַפּיטל זיבן**
ר׳ גאָדל הייסט פאָרן קיין קאָזשעניץ — — — — — — — — — — 191

**קאַפּיטל אַכט**
אַ פּייערל לייכט אין קאָזשעניץ — — — — — — — — — — — 190

**קאַפּיטל ניין**
ביים קאָזשעניצער מגיד — — — — — — — — — — — — — 192

## עלפטע מעשה

### דער יצר־טוב און דער יצר־הרע אין כעלם


**קאַפּיטל איינס**

דער יצר־טוב און דער יצר־הרע קומען אויף אַ יריד — — — — — 197

**קאַפּיטל צוויי**

דער יצר־טוב קומט אַריין צו ר׳ איטשע גרונמען. — דער יצר־הרע האַלט זיך אויך נישט אין גרויסן — — — — — — — — — — — — 199

**קאַפּיטל דריי**

דער יצר־הרע קומט ר׳ איטשע גרונמען צו חלום און דערציילט פון עולם־הזה — — — — — — — — — — — — — — — — 200

**קאַפּיטל פיר**

ר׳ איטשע גרונם גרייט זיך צו טרינקען ווייַן און דער יצר־הרע שגצט אים אויס — — — — — — — — — — — — — — — 201

**קאַפּיטל פינף**

ר׳ איטשע גרונם זאַמלט אויף בלינצעס — — — — — — — — — — — 204

**קאַפּיטל זעקס**

דער יצר־הרע נעמט זיך צו ר׳ איטשע גרונמען אוןביילע גיטלען — 206

**קאַפּיטל זיבן**

עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט שיינע חלומות און עס האָט זיך אויס־געלאָזט מיט פּעטש — — — — — — — — — — — — — — 208

**קאַפּיטל אַכט**

דער יצר־הרע מאַכט אַ פאַרבלענדעניש — — — — — — — — — — — — 211

**קאַפּיטל ניין**

אַ קאַסטן לויפט איבער כעלם — — — — — — — — — — — — — — 213

**קאַפּיטל צען**

דער קאַסטן לויפט אַריין אין דער כעלעמער שול און עס קומען די פּרנסי־חודש — — — — — — — — — — — — — — — — 215

**קאַפּיטל עלף**

ר׳ איטשע גרונם און ביילע גיטל — — — — — — — — — — — — 216

**קאַפּיטל צוועלף**

די ראשי־הקהל מאַכן אַן אסיפה אויפן טיש און דער קאַסטן פאָרט אַרום דעם באַלעמער — — — — — — — — — — — — — — — 217

**קאַפּיטל דרייצן**
דער יצר־הרע עפנט דעם קאַסטן און כעלם מאַכט שאַרפע תקנות — 221

**קאַפּיטל פערצן**
דער יצר־טוב און דער יצר־הרע אויפן וועג — — — — — — — — — — 222


## צוועלפטע מעשה

### עוג מלך הבשן אין כעלם

**קאַפּיטל איינס**
חכמה און זיקנה — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 225

**קאַפּיטל צוויי**
עוג מלך הבשן, סיחון מלך האמורי, זייערע ווייבער און זייערע הויפן 226

**קאַפּיטל דריי**
עוג מלך הבשן גייט אָנגעטון ווי אַ שלעפּער און בשנער שניידער זענען גוזר תענית — — — — — — — — — — — — — — — — — — 228

**קאַפּיטל פיר**
ר׳ בגתן דער שניידער גיט אַן עצה — — — — — — — — — — — — — 230

**קאַפּיטל פינף**
אין כעלם באַווייזט זיך אַן אָרעמאַן און אין שטעטל ווערט פינצטער 232

**קאַפּיטל זעקס**
ר׳ געצל דער שניידער — — — — — — — — — — — — — — — — 233

**קאַפּיטל זיבן**
ר׳ געצל מאַכט עוגן אַ קאַפּאָטע — — — — — — — — — — — — — — 234

**קאַפּיטל אַכט**
ששון ושמחה אין לאַנד בשן — — — — — — — — — — — — — — — 236


## דרייצנטע מעשה

### אַן אתרוג פאַר משיחן

**קאַפּיטל איינס**
דער העכסטער שטאַפּל פון דער לייטער — — — — — — — — — — — 239

**קאַפּיטל צוויי**
ר׳ אליקום צדוק און די ל״ו — — — — — — — — — — — — — — — 240

קאַפּיטל דריי
אליהו הנביא שענקט ר׳ אליקום צדוקן אַ פּאָר תפילין — — — — — 241

קאַפּיטל פיר
סטייטש, ר׳ גאָדל? — טענהט דער יצר־הרע — — — — — — — — — — 242

קאַפּיטל פינף
ר׳ אליקום צדוק זאָגט: לאו! — — — — — — — — — — — — — 245

קאַפּיטל זעקס
אַן אתרוג־סוחר קומט פון די מרחקים — — — — — — — — — — 246

קאַפּיטל זיבן
ר׳ אליקום צדוק נעמט דריי הונדערט גילדן — — — — — — — — — 249

קאַפּיטל אַכט
מרת ברכה פּראַדל בייסט אָפּ דעם פּיטום און אליהו הנביא טראָגט
דעם אתרוג אין גן־עדן אַריין — — — — — — — — — — — — — 250

## פּערצנטע מעשה

בערקע מיט דער קאַטאַרינקע

קאַפּיטל איינס
יידן פון דער בסתר המדרגה — — — — — — — — — — — — — 255

קאַפּיטל צוויי
בערקע קאַטאַרינקאַזש און דער אַלטער פּאָפּוגיי — — — — — — — 257

קאַפּיטל דריי
מען הערט נישט שפּילן — — — — — — — — — — — — — — — 259

קאַפּיטל פיר
אַן ארחי־פרחי זאָגט עדות — — — — — — — — — — — — — — 260

קאַפּיטל פינף
דבורה מרים שווייגט — — — — — — — — — — — — — — — 262

קאַפּיטל זעקס
וואָס די ערד פאַרדעקט פאַרגעסט זיך — — — — — — — — — — — 264

קאַפּיטל זיבן
אַ בוים מיט שפּעטע זומער־עפּל — — — — — — — — — — — — 266

קאַפּיטל אַכט
עס שפּילט די קאַטאַרינקע — — — — — — — — — — — — — — 267

קאַפּיטל ניין
דאָס יאָר איז קיילעכיק — — — — — — — — — — — — — — 268

קאַפּיטל צען
חושך אין דער קהלה קדושה כעלם — — — — — — — — — — — 270

קאַפּיטל עלף
די שאַרפע שווערד פון דין — — — — — — — — — — — — — 271

קאַפּיטל צוועלף
דער פויגל קוקט אויף בערקע פאַרך — — — — — — — — — — 272

קאַפּיטל דרייצן
עס פליען די שאלות ותשובות — — — — — — — — — — — — 273

קאַפּיטל פערצן
ר׳ יהושיעלע קוטנער — — — — — — — — — — — — — — — 274

קאַפּיטל פופצן
דריי בוידן פאָרן קיין קוטנע — — — — — — — — — — — — 275

קאַפּיטל זעכצן
הייליקער רבי! ראַטעוועט מיינע קינדער — — — — — — — — — 276

קאַפּיטל זיבעצן
עס איז געשען דאָס גרעסטע — — — — — — — — — — — — — 278

קאַפּיטל אַכצן
דער ייד פון אויבן צוזאַמען מיט דעם ייד פון אונטן — — — — — 279

## פופצנטע מעשה

דער כעלעמער מלמד וואָס איז געוואָרן אַ גזלן

קאַפּיטל איינס
די וועלט פון די מעשה־ביכלעך — — — — — — — — — — — — 283

קאַפּיטל צוויי
וואָס זאָל ער ווערן — אַ שני־למלך צי אַ גזלן? — — — — — — 285

קאַפּיטל דריי
מען מוז אָנהויבן פון גאָר אונטן — — — — — — — — — — — — — — 287

קאַפּיטל פיר
ר׳ יאָקל מאַכט זיך אַ האָרץ פון שטיין — — — — — — — — — — — — 288

קאַפּיטל פינף
ר׳ יאָקל שטעלט זיך אַוועק אין וואַלד און גייט ווערן אַ גזלן — — 289

## זעכצנטע מעשה

צוויי כעלעמער חכמים גייען אָפּנאַרן די נאַרישע וועלט

קאַפּיטל איינס
דאָס קלוגע כעלם און די נאַרישע וועלט — — — — — — — — — — — 297

קאַפּיטל צוויי
אונטער דער ממשלה פון יעקישן קיסר — — — — — — — — — — — 299

קאַפּיטל דריי
דער שכל איז מחייב, אַז מיר האָבן געטראָפן מיטן רעכטן פוס — — 300

קאַפּיטל פיר
אַנדערש טראַכט זיך און אַנדערש מאַכט זיך — — — — — — — — — 301

קאַפּיטל פינף
די זיבן פעטע קי קריכן אַרויס פון וואַסער — — — — — — — — — 302

קאַפּיטל זעקס
ר׳ לייבוש און ר׳ פייוויש שווימען אין גאָלד — — — — — — — — — 304

קאַפּיטל זיבן
ר׳ פייוויש זעט זילבער — — — — — — — — — — — — — — 306

קאַפּיטל אַכט
די „פּאַלנישע שווינדלער" — — — — — — — — — — — — — — — 307

קאַפּיטל ניין
ר׳ לייבוש גייט איינגעהילט אין אַ טערקישן טלית און טראָגט אַ
גאָלדן שטריימל — — — — — — — — — — — — — — — — — 311

קאַפּיטל צען
ר׳ פייוויש איז נעבעך הונגעריק — — — — — — — — — — — — 312

**קאַפּיטל עלף**
די דריי שטערן פון מוצאי־שבת — — — — — — — — — — — — — — — — — 313

**קאַפּיטל צוועלף**
אויף יענער זייט דעם טייך סמבטיון — — — — — — — — — — — — — 314

**קאַפּיטל דרייצן**
גאָלדענע גליקן אין דער שטאָט גימל — — — — — — — — — — — — 316

**קאַפּיטל פערצן**
אין חלום און אויף דער וואָר אין דער שטאָט גימל — — — — — — — 318

**קאַפּיטל פופצן**
עס עפענען זיך די טויערן פון רחמים — — — — — — — — — — — — 320

**קאַפּיטל זעכצן**
עס גייט ווי אַ מזמור — — — — — — — — — — — — — — — — — 321

**קאַפּיטל זיבעצן**
אַז דער מחבר שטעלט אַ „ויהי” איז נישט גוט — — — — — — — — — 323

**קאַפּיטל אַכצן**
ר׳ פּייוויש זעט די עלטער־באָבע גיטל און ר׳ לייבוש טרייסט אים — 325

## זיבעצנטע מעשה

כעלם רופט צוזאַמען אַ וועלט־אסיפה פון חכמים

**קאַפּיטל איינס**
די ל״ו צדיקים און די וועלט־חכמים — — — — — — — — — — — — 331

**קאַפּיטל צוויי**
די חכמים פון דער וועלט גאַרן אָנצוקוקן כעלם — — — — — — — — 333

**קאַפּיטל דריי**
הימל און ערד און חכמים־קאָנגרעס — — — — — — — — — — — — 335

**קאַפּיטל פיר**
מען גייט איבער די הייזער — — — — — — — — — — — — — — — 337

**קאַפּיטל פינף**
די חכמים פון דער וועלט קומען אויפן „חכמים־קאָנגרעס" — — — — 338

**קאַפּיטל זעקס**
ר׳ יוסף לאָקש מאַכט אַ סעודת־ראש־חודש — — — — — — — — — — 340

**קאַפּיטל זיבן**
וואָס האָט זיך געטון אויף דער סעודהניו? — — — — — — — — — — 341

# במקום הקדמה

אין אַלע תפוצות־ישראל דערציילן יידן לוסטיקע געשיכטן פון די כעלעמער חכמים. אין שפּיגל פון מעשיות האָט דאָס פאָלקס־געמיט ליב צו זען אַ מוסר־השכל און אַ לעבנס־לערע. און די מעשיות וועגן כעלם און אירע חכמים האָבן יידן, זעט אויס, געוואָלט דערציילן בדרך משל, וואָס זיי טראַכטן וועגן די מנהגים און פירעכצן אויף דעם עולם הדמיון, וואָס רופט זיך וועלט.

כעלם איז אַ משל — און ווייל כעלם איז נייערט משל, דעריבער קאָן מען אירע מעשיות אַזוי פאַרשידנאַרטיק אויסטייטשן און זיי אַוועקשטעלן אין אַלערליי ליכטן און אַלערליי שאָטנס.

ביים שרייבן די סעריע, האָב איך אין זינען געהאַט איין לייט־מאָטיוו: די פאַסירונגען אויסצושטעלן אַרום איין און איינציקן געדאַנק: כעלם איז דאָס משל פון דער וועלט. די נמשלים פון דער גאָרער וועלט דרייען זיך אַרום דער מכלומרשט־נאַרישער שטאָט, ווי די לבנה און די שטערן אַרום דער זון.

י. י. ט.

# ערשטע מעשה

ר׳ יוסף לאָקש דער פּרנס־חודש פון כעלם. — די נסים ונפלאות וואָס זענען מיט אים געשען אין דער נאַכט פון חנוכה

# קאַפּיטל איינס

אַזוי ווי כעלם איז די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט רעדן
יידן פון איר בלשון סגי־נהור.

אין דער וועלט איז פאַראַן אַ קליין שטעטל, הייסן הייסט עס כעלם. דאָס דאָזיקע שטעטל געפינט זיך, ווי מיר ווייסן, אין דער מדינה פּוילן. יידן האָבן מורא פאַר אַן עין־הרע — דעריבער ציטערן זיי איבער כעלם ווי איבער דעם ווייסל פון אויג. עס איז דאָס קליגסטע שטעטל אין גאָר דער גרויסער וועלט. כעלעמער יידן זענען מקטן ועד גדול אָנגעשטאָפּט מיט חכמה און קלוגשאפט. טאקע צוליבן בייזן אויג רעדט מען דערפון בלשון סגי־נהור: כעלם! אויפן תרגום־לשון פון די רויטע יידעלעך הייסט א לעמעשקע, כעלמתא. די חכמים און קלוגע יידן פון כעלם האָט מען בלשון סגי־נהור אַ נאָמען געגעבן כעלעמער נאַראָנים. אלצדינג, פארשטייט זיך, צוליב אַן עין־הרע.

מחברים האָבן אַ טבע נישט צו האלטן די צונג און אויסצופּלוידערן אַלע סודות פון חדר. ווען מיר אם־ירצה־השם דערציילן דעם אמתן אמת פון כעלם, מירן איבערדערציילן וועגן דער גרויסער חכמה פון יענע מכלו־מרשטע נאַראָנים.

אויסקלייבן דעם קליגסטן פון כעלם איז זייער שווער. אַלע זענען דאָרט די קליגסטע. דער כעלעמער שטאָט־נאַר איז אין מינדסטן נעגעלע קליגער ווי דער גרעסטער פילאָזאָף אין אַן אנדער שטאָט. אַ כעלעמער בעל־עגלה, ווען ער זיצט אויף דער בויד, טרייבט אָן די סוסים און קוקט אויף דער וועלט, זעט ער אין איר דאָס וואָס אלע געלערנטע מוזן זיך ערשט ברעכן די קעפּ און עס אַרויסלייענען פון טויזנטער ביכער.

כדי איר זאָלט קריגן אַ שטיקל השגה אין דער כעלעמער חכמה וויל איך אָנהויבן מיט דער מזרח־וואנט. איך טו עס אויך צוליבן כבוד פון כעלעמער קהל און הייב אָן אונדזער סיפּור־המעשה מיט דעם כעלעמער פּרנס־חודש ר׳ יוסף.

## קאַפּיטל צוויי

אין כעלם שטעלט זיך אַ שווערער ווינטער און עס שנייט. — מרת שאָשע מאַכט אַ סעודת־חנוכה. — ר׳ יוסף דער פּרנס־חודש שנאָרכט אויף דער קאַנאַפּע און כעלעמער יידן טאָפּטשען אין גאָלדענע בלאָטעס

וואָסער חכם מען האָט אויסגעקליבן פאַר אַ פּרנס־חודש אין אַזאַ קלוי־גער שטאָט ווי כעלם, קאָן זיך דער לייענער אַליין משער זיין. כעלם האָט געוווסט, וועמען זי קלייבט אויס פאַר פּרנס־חודש. זי האָט מיט אים אַריינגעטראָפן אין פּינטל. געהייסן האָט ער ר׳ יוסף, ומשום מעשה שהיה האָט מען אים גערופן ר׳ יוסף לאָקש. כ׳וויל נישט כאַפּן די לאָקשן פאַר דער יויך און וועל עס בעסער דערציילן בהדרגה און פּאמעלעכל.

ווי אַלע כעלעמער איז ר׳ יוסף געווען זייער אַ צעטראָגענער און האָט דעריבער נישט געקאָנט אַ קאַץ דעם וויידל צוביגדן און נישט געטראָפן בין ימינו לשמאלו. גענומען האָט זיך עס דערפון, וואָס דער מח האָט זיך אים כסדר געהויבן, מחמת גרויס שכל און חריפות. שאַרפקייט פונעם שכל איז נישט קיין שפּילעכל. איינער, וואָס פאַרמאָגט נאָר עטלעכע גראָשן קאָן זיך זיי, די פּאָר גראָשן, פּאמעלעך אויססדרן. אַ קבצן אַ שלעפער קאָן מען אויפוועקן אינמיטן דער נאכט און ער וועט אייך זאָגן וויפל פּרוטות ער האָט היינט אויסגעבעטלט. ביי אַן אדיר ברענט דאָס גאָלד אויפן קאָפּ. גיי צייל, ווען אלץ וואקסט קיין עין־הרע ווי אויף הייוון און ווו מען טוט נאָר א קוק רעגנט עס מיט רענדלעך.

מאַכט זיך אַ מעשה: אין כעלם איז געווען א שווערער ווינטער. חנוכה־צייט איז כעלם געווען פאַרשיט מיט שניי ביז איבערן קאָפּ, אז אין יוצא ואין בא. עס איז דאָך אָבער פאָרט חנוכה און אין כעלם ווייסן קינד־און־קייט וואָסערע ניסים עס זענען געשען מיט יידן אין חנוכה און צוליב וואָס מיר צינדן חנוכה־ליכטלעך, שפּילן אין דריידלעך און עסן לאַטקעס.

זענען געקומען עטלעכע כעלעמער שיינע־יידן צו דער מרת שאָשע ר׳ יוספס אשת חיל, די כעלעמער פרנס־חודשטע. די יידן זענען געקומען אין שווערע שעפסן־פעלצן און פארשיטע מיט שניי, זיי האָבן געטון אַ קוש די מזוזה און געזאָגט אַ גוטן חנוכה. דערביי האָבן זיי אָנגעשלאָגן דער מרת שאָשע, אַזוי צו זאָגן: היות אַזוי ווי עס איז היינט חנוכה אויף דער וועלט וואָלט עס גלייך געווען, אז ר׳ יוסף דער פרנס־חודש זאָל מאכן אַ סעודת־חנוכה, און טאקע כיד המלך, דאָס הייסט מיט לאָקשן, מיט גענדזנס און מיט צימעס.

— מילא, אַז יידן ווילן אַ סעודת־חנוכה איז דאָך נישט שייך צו זאָגן ניין, האָט מרת שאָשע געענטפערט און געכאַפּט אויף זיך דעם וויי־בערישן טוליפּ און אַרויסגעלאָפן אין די גרויסע שנייען.

צוליב דער מצווה האָט שאָשע גאָרנישט געשפירט ווי דער פראָסט בייסט איר אין דער נאָז און אין די אויערן און די שנייען גרייכן איר ביז צום בויך. זי איז געלאָפן ווי ווייט מען קען נאָר לויפן אין שנייען. זי האָט אויף אין דער געשווינד געקויפט אין א קרעמל צוויי פעטע גענדז. זי האָט זיי צופריער גוט אָנגעטאפּט און זיי אַריינגעבלאָזן אין די פאַרפעדערטע הינטנס. די גענדז זענען געווען פעט ווי די קעלבער און האשה שאָשע האָט באַלד אויפן אָרט באַרעכנט וויפל שמאלץ זיי וועלן אָפּגעבן אויף פּסח, מיר זאָלן עס דערלעבן. געכאפּט די גענדז, איז זי ווי א פייל פון בויגן געלאָפן צום שוחט. דער שוחט האָט געשאָכטן. האשה מרת שאָשע איז מיט די געקוילעטע גענדז געקומען אַהיים צו לויפן אין שטוב אַריין.

עס איז געווען שפעט בין־מנחה־למעריב. די הימלען האָבן זיך מיישב געווען און אין דער ווינטערדיקער פינצטערניש ווידער אָנגעהויבן צו באשיטן כעלם מיט שניי. אינדרויסן האָבן נישט געהאָלפן נישט קיין לאָמ־טערנעס און נישט קיין פּיפּערנאָטערס. וימש חושך — כעלעמער יידן האָבן געמוזט טאָפּטשען אין שניי און אין פינצטערניש.

עפנט זיך די טיר און ר׳ יוסף דער פרנס־חודש קומט אַריין אַ פאַר־שנייטער צו זיך אין שטוב אַריין. ער אָטעמט קוים פון דער גרויסער קעלט און קאָן נישט אויסרעדן קיין וואָרט. ער מאַכט נישט קיין לאַנגע שהיות און וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם טכוירענעם פעלץ, די קאַפּאָטע און די גרויסע ווינטערדיקע שטיוואַלעס. שפעטער, אם־ירצה־השם, טראַכט ביי זיך ר׳

יוסף, דער פּרנס־חודש, וועלן מיר האָבן די פיינע סעודת־הנוכה מיט גענדזנס און מיט לאָקשן.עס איז גלייך, אז קודם־כל פאר אלע היומס, זאָל איך זיך צולייגן אויף דער קאַנאַפּע און כאַפּן אַ דרעמל.

אומר ועושה — ר׳ יוסף ליגט שוין אויף דער קאַנאַפּע און כראָפּעט.

אינדרינען, אין דער קיך, מאכט דערווייל האשה מרת שאָשע כשר די געגדז.

אַז אַ כעלעמער פּרנס־חודש שלאָפט חלומט ער. פון וואָס חלומט אַ כעלעמער פּרנס־חודש? פאַרשטייט זיך, אז נישט פון דברים בטלים. חלומט זיך ר׳ יוספן אַזאַ מין זאַך: די כעלעמער הימלען האָבן זיך מיישב געווען, וואָס וועלן זיי זיך דאָ צו נאַר מאַכן און שיטן אויף אַזאַ קלוגער שטאָט מיט הוילן גאָמעלקע־שניי? אומר ועושה — דרייען זיי, די הימלען, זיך איבער די קאפּאָטע און אין דער גרויסער ווינטערדיקער פינצטערניש הייבן זיי אָן צו שנייען אויף כעלם מיט גאָלדענע רענדלעך. הגם עס איז מעריב־צייט און נאַכט — איז אָבער פון דעם גלאַנץ פון גאָלד אין כעלם געוואָרן אַזאַ ליכטיקייט, ווי עס וואָלט געהאלטן סאַמע אינמיטן תמוז.

ר׳ יוסף, דער פּרנס־חודש, איז אָבער אַ ווילדער בעל־חשבון, הערט ער ווי דער מלאך פּימפּער שרייט צו אים אראָפּ פון די הימלען: זייט־זשע מוחל, ר׳ יוספשי, און מאכט תיכף ומיד אַ חשבון פון דעם רעגן פון רענד־לעך, וואָס פאַלט און פאַלט איבער כעלם. ר׳ יוסף טוט אַ קוק: כעלעמער יידן זענען איינגעשיט מיט גאָלד און טאָפּטשען אין גאָלדענע בלאָטעס.

אינמיטן שלאָף האָט ר׳ יוספס שארפער מוח אָנגעהויבן צו חשבונען און אויסצורעכענען די אָנגעפאַלענע רענדלעך עד לפּרוטה. עס איז געווען זייער אַ שווערער חשבון. נאָר וואָס איז שייך פאַר אַ כעלעמער פּרנס־חודש א שווערער חשבון?

ר׳ יוסף ליגט אויף דער קאַנאַפּע, שנאָרכט אויפן הויכן קול און חשבונט אין חלום. די אשה מרת שאָשע איז פאַרטיק געוואָרן מיט די געגדז. אַזוי ווי זי האָט זיך געאיילט צו מאַכן די לאָקשן און דאָס צימעס, האָט זי דערווייל די כשר־געמאַכטע געגדז אַוועקגעשטעלט האַרט ביי ר׳ יוספס קאַנאַפּע.

שאָשע איז אַריינגעאנגען צוריק אין קיך ווייטער צו מאכן די סעודת־חנוכה. ר׳ יוסף איז געלעגן און געשנאָרכט און געחשבונט די רענדלעך



„אַז אַ כעלעמער פּרנס חודש שלאָפט, חלומט ער“

וואָס פאלן איבער כעלם. עס איז געווען א שיינער חלום פון אַ כעלעמער פרנס־חודש. ליידער נישט ווי אַ חלום. בהקיץ — אויף דער וואַך — האָבן די הימלען נאָך נישט געהאט בדעה זיך איבערצודרייען די קאפּאָטע און צו ווערן קליגער. זיי האָבן ווייטער געשיט אויף אַזאַ וואַזשנער שטאָט ווי כעלם מיט פשוטן גאָמעלקע־שניי.

---

## קאַפּיטל דריי

ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש רופט ר׳ יוספן צו סידור־קידושין.— ר׳ יוסף איז צעטראָגן און דרייט איבער די יוצרות

פּלוצלינג עפנט זיך די טיר פון קיך. עס פאַלט אַריין אַ פאַרשנייטער און אָן אָטעם דער כעלעמער בית־דין־שמש ר׳ מנשה.

— אַ גוטן חנוכה, שאָשעלעבן.

— אַ גוט יאָר, ר׳ מנשהניו, וואָס וועט איר זאָגן עפּעס גוטס?

— דער רב, זאָל לעבן, האָט מיך אהערגעשיקט צו רופן ר׳ יוספן צו סידור־קידושין. ווי מיר אַלע ווייסן מאַכט ר׳ יאָקל דער באָדנער חתונה און עס האַלט אָט ביי דער חופה און דער בדחן באזינגט די כלה, האָט זיך לא־עליכם ביים רב געמאַכט אַ מיחוש און ער קאָן בשום אופן נישט גיין צו סידור־קידושין. איז ווען איז מען מכבד מיט סידור־קידושין אויב נישט ר׳ יוספן, דעם פרנס־חודש?

ווי ר׳ מנשה רעדט אַזוי צו דער אשה מרת שאָשע האָט דערווייל אויף זיין גרויסער באָרד אָנגעהויבן צו טייען דער שניי און זי, די באָרד הייסט עס, האָט אָנגעהויבן צו רעגענען אינמיטן שאָשעס קיך. ס׳האָט זיך ארויס־געוויזן, אז אונטערן ווייסן שניי האָט ר׳ מנשה אין סך־הכל א געלע באָרד.

— ווו־זשע איז ר׳ יוסף? — האָט ר׳ מנשה געפרעגט און געקוקט אויף די לאָקשן, וואָס די מרת שאָשע האָט דערווייל געהאַלטן אינמיטן וואַלגערן.

— ר׳ יוסף האָט זיך אביסל צוגעלעגט נאָך מנחה, האָט האשה מרת שאָשע געענטפערט און ווייטער געוואלגערט דאָס בלאט לאָקשן.

— וואָס הייסט צוגעלעגט? — האָט ר׳ מנשה אַ שאָקל געטון מיט דער צעטייעטער באָרד און אָנגעמאַכט אין דער קיך אַ מבול, מען טוט דאָך שוין אָן דעם חתן דעם קיטל און מען גייט שוין צו דער חופה. עס פעלט נאָר דער מסדר־קידושין.

— נו, מילא, אויב אזוי וועל איך אים וועקן, האָט האשה מרת שאָשע געענטפערט און אַריינגעגאנגען וועקן ר׳ יוספן.

צוליב די שווערע חשבונות, וועלכע ר׳ יוסף האָט געמאכט אין חלום, איז אים נישט געווען אַזוי לייכט צו דערוועקן. שלאָפנדיקערהייט האָט דער מוח ביי אים געאַרבעט מיט דער שאַרפסטער חריפות. האשה מרת שאָשע האָט אים, ר׳ יוספן, געמוזט גוט טאָרען ביז ער האָט ענדלעך געטון אַן עפן די אויגן און אין טויט־שרעק געפרעגט וואָס עס איז. ביי אים איז אויסגעקומען, אז גזלנים זענען דערוויל באַפאַלן כעלם און גייען ביים שטעטל צוגנבהנען דעם מטמון מיט גאָלדענע רענדלעך, וואָס שיטן זיך פון די כעלעמער הימלען ווי פון לעכערדיקע זעק.

האשה מרת שאָשע און ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש, האָבן ביידע דערציילט ר׳ יוספן וועגן וואָס עס גייט, ער מוז שוין אויפשטיין און גיין צו סידור־קידושין.

ווי מיר ווייסן איז ר׳ יוסף, מחמת זיין גרויס קלוגשאַפט, געווען אַ שטארק צעטראָגענער און האָט נישט געקאָנט טרעפן בין ימינו לשמאלו. איצט איז אים באפאלן דאָס גאָר גרויסע איילעניש. אַ קלייניקייט? חתן־כלה שטייען שוין אונטער דער חופה און וואַרטן אויפן מסדר־קידושין. האָט ר׳ יוסף אַ שפרונג־אראָפּ געגעבן פון דער קאַנאַפּע און געזוכט די שיך ווו אַהין ארייננצושטעקן די פיס. אויף אין דער געשווינד האָט ער דערטאפּט זיין ווייבס כשר־געמאכטע גענדז, וואָס זענען געשטאַנען אויף א לאָקשנ־ברעט לעבן דער קאַנאַפּע און האָט בכבוד גדול אין זייערע אויסגעליידיקטע אינגעווייד ארייננגעשטעקט זיינע ביידע פיס. וואָס ר׳ יוסף זאָל נישט האָבן פאַרגעסן, אָבער אַ דין געדענקט אַ כעלעמער פרנס־חודש אפילו אין גרעס־טער איילעניש. מען מוז כאַפּן אַ פאַטשיילע, כדי צו האָבן אונטער דער חופה מיט וואָס צו געבן מקבל־קנין צו זיין. טוט ר׳ יוסף אַ לויף אַריין אין דער קיך, כאַפּט אין דער קעשענע אַריין אַן אויסגעוואַלגערטן בלאַט לאָקשן און גיט אַ געשריי צו ר׳ מנשהן, דעם בית־דין־שמש: קומט!

## קאַפּיטל פיר

ר׳ מנשה ווייזט, אז ער איז אַ גרויסער בעל־מידות און האָט אויך אין זינען די שפּעטערדיקע דורות

אין דער גרויסער חשכות און אין דעם פֿאַלנדיקן שניי האָט מען שוין פֿון דער ווייטנס געהערט דאָס שפּילן פֿון קלעזמאָרים. מען איז גע־גאַנגען צו דער חופּה. ווען ר׳ יוסף מיט ר׳ מנשהן זענען געקומען אָנצולויפֿן הענדום־פּענדום איז שוין דער חתן געשטאַנען אונטער דער חופּה און זיך צוגעהאלטן די אויגן מיט אַ טיכל. אונטערפֿירערקעס האָבן געפֿירט די פֿאַרשלייערטע כלה. קלעזמאָרים האָבן געשפּילט און הבדלות האָבן געפֿלאַ־קערט נישט געקוקט אויף דער קעלט און אויפֿן שניי. ר׳ יוסף איז ארונ־טערגעקומען אונטער דער חופּה. די מחותנתטעס האָבן די כלה זיבן מאָל אַרומגעפֿירט אַרום דעם חתן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער סידור־קידושין, ווי עס איז דער דין און דער מנהג.

ווען מען איז געגאַנגען לייענען די כתובה און עס האָט געהאַלטן ביי קבלת־קנין, האָט ר׳ יוסף מיט גרויס כוונה אַרויסגענומען דעם בלאַט לאָקשן פֿון דער קעשענע, אים דערלאַנגט ר׳ מנשהן און געזאָגט: נאַט אייך די פֿאַטשיילע, ר׳ מנשה, און גיט עס דעם חתן מקבל־קנין צו זיין!

ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש, זעט ביי זיך אין דער האַנט דעם בלאַט לאָקשן. כעלעמער זענען דאָך אָבער זייער קלוג און דערצו זענען זיי — ווי אלע אמתע חכמים — גרויסע בעלי־מידות, טראַכט ביי זיך ר׳ מנשה: וואָס וועט ער דאָ מאַכן פֿון אַ פּרנס־חודש חוכא וטלילא און גראָד אונטער דער חופּה ובפני חתן וכלה? באַהאַלט ער דעם בלאַט לאָקשן אין דער קע־שענע און דערלאַנגט דעם חתן זיין אייגענע, ר׳ מנשהס, הייסט עס, פֿאַ־טשיילע.

הכלל דער חתן איז מקבל־קנין כדת וכדין. ר׳ מנשה גיט אינדער־

געשווינד אַ שלעפּ אַרויס אַן אַניצע פון שטיוול (ער האָט הלילה נישט גע־מיינט קיין שפּיצל, נאָר ווי מיר וועלן באַלד זען, איז ר׳ מנשה דערמיט אויסן געווען אַ דבר לדורות) און ער דערלאַנגט ר׳ יוספן די אַניצע — דאָס הייסט, ער גיט אים צוריק די פּאַטשיילע.

איז דאָך ר׳ יוסף אַ צעטראָגענער און דער קאָפּ חשבונט אים נאָך ווייטער דעם חשבון פון חלום — וואָס־זשע וועט ער דאָ גיין קוקן אויף אַ נאַרישער פּאַטשיילע? כאַפּט ער די אַניצע און באַהאַלט זי אין דער קעשענע, במקום פּאַטשיילע, הייסט עס.

באַלד נאָך סידור־קידושין האָט ר׳ יוסף געזאָגט מזל־טוב און זיך גענומען אַהיימגיין. ווי ער זאָל נישט זיין צעטראָגן האָט ער פּאָרט געדענקט, אַז ביי אים איז היינט אַ סעודת־חנוכה.

דער שמש, ר׳ מנשה, האָט גענומען דעם בלאַט לאָקשן און אים גע־וויזן די גבאים פון דער כעלעמער שול. זיי זענען אויך געווען קלוגע יידן און גרויסע קאָפּ־מענטש, ווי אַלע כעלעמער. זיי האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ און געווען אויפן זיבעטן הימל. וואָרים איצט האָבן זיי ערשט רעכט דערזען וואָסער שאַרפן מוח זיי האָבן אויסגעקליבן פאר אַ פּרנס־חודש. מחמת דער קאָפּ פליט אים אַרום אין די גרויסע טראַכטענישן, ווייסט ער נישט קיין חילוק צווישן אַ פּאַטשיילע און אַ בלאַט לאָקשן.

מען האָט גענומען דעם בלאַט לאָקשן און אים לדורות אויפגעהאָנ־גען אין שול לעבן נר־תמיד. מען האָט אויסגערופן אַ חרם, אַז קיינער טאָר דעם בלאַט לאָקשן נישט אַרונטערנעמען. און ער הענגט נאָך אין כעלעמער שול עד היום הזה.

ר׳ יוספן האָט מען פון דעמאָלט אָן גערופן ר׳ יוסף לאָקש און אַזוי שטייט עס טאָקע פאַרשריבן אין כעלעמער פּינקס.

אין קומענדיקן קאפּיטל וועלן מיר דערציילן פון די וויטערדיקע נסים וואָס האָבן פּאסירט מיט ר׳ יוסף לאָקשן, ווען ער איז געגאנגען אהיים מיט די גענדז אויף די פיס. מיר וועלן אייך דערציילן, וואָס עס איז געוואָרן מיט די גענדז, וואָס עס איז געוואָרן מיט די פיס און וואָס עס איז געוואָרן מיט ר׳ יוסף לאָקשן אַליין.

## קאַפּיטל פינף

דריי כלבים באַפאַלן ר׳ יוספן און נעמען זיך צו זיינע גענדזענע שיך. — ר׳ יוסף פאלט חלשות און כעלעמער קהל ישובט זיך וואָס מיט אים צו טון

מיט צוויי כשר־געמאַכטע גענדז אויף די פיס, אָנשטאָט שיך, איז ר׳ יוסף לאָקשן דאָס גיין אַהיים אָנגעקומען נעבעך זייער שווער. קוים וואָס ער האָט געטאָפּטשעט אין די שנייען. אַ שארפער מוח קוקט קיינמאָל נישט אַראָפּ, דעריבער האָט ר׳ יוסף נישט געזען וואָסערן שיך ער טראָגט. דערצו האָט ער זיך שטארק געאיילט צו דער סעודת־חנוכה, ווי אויך איז ער געווען זייער פאַרנומען מיט דעם חשבון פון די כעלעמער גאָלדענע רענדלעך, וואָס ער האָט געזען אין חלום.

פלוצים האָט ער דערשפּירט ווי מען רייסט אים פאר די פיס. דאָ האָט ר׳ יוסף געמוזט אראָפּקוקן. הגם עס איז געווען פינצטער, וימש חושך, האָט ער פאָרט דורך דער ליכטיקייט פון פריש־געפאַלענעם שניי דערזען: דריי גרויסע כלבים רייסן אים פאַר די פיס און קלאַפּן מיט די מאָרדעס און פרעסן.

פאַר כלבים האָט ר׳ יוסף לאָקש, ווי אַלע קלוגע יידן, געהאַט גרויס פחד. ער האָט זיי תמיד געוואָלט האָבן פונדערווייטנס און אפילו נישט הערן זייער בילן. הגם ער איז געווען דער פרנס־חודש און דער תקיף אין שטעטל, אָבער טאָמער האָט ער אמאָל געזען הינט, האָט ער באלד געשריגן, אז מען זאָל רופן דעם באָד־גוי און יענער, דער גוי הייסט עס, זאָל זיי אוועק־יאָגן.

און דאָ שטייט ער אליין, ר׳ יוסף לאָקש, אינמיטן שניי ארומגערינגלט מיט דריי הינט, וואָס טאָרען אים ביי די פיס.

די ערשטע מחשבה ביי ר׳ יוספן איז געווען: ווידוי. דערנאָך האָט

ער געמאכט א ביטער געוואלד און געשריגן צו די הינט „אַשאָ!‟ אזוי ווי מען טרייבט הינער. דערנאָך האָט ער אויסגעשריגן עטלעכע לשון־קודש־דיקע ווערטער, ווי מען רעדט צו יידן וועגן ערלים.

דאָס שרייען האָט אָבער לאנג נישט געדויערט, מחמת ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך גאָר מיישב געווען, אז דאָס גלייכסטע איז אַוועקצופאַלן חלשות אויפן כעלעמער שניי.

כך הוה.

די דריי הינט האָבן זיך דערווייל צוגעאיילט אראָפּצופרעסן די געגנדז פון די פיס פון כעלעמער פרנס־חודש, צי ווייל זיי האָבן מורא געהאט טאָמער קומט דער באָד־גוי מיטן שטעקן און טרייבט זיי פונאַנדער, צי ווייל עס קענען אָנלויפן נאָך כלבים און ווערן אומגעבעטענע שותפים צו דער סעודה — וואָס איז די נפקא מינה? זיי האָבן אפילו אין דער מאַמעס בויך נישט געהאט אַזאַ שווילטאָג.

ר׳ יוספס „אַשאָ!‟, צי זיין לשון־קודש, צי סתם זיינע געוואַלדן, האָט האָט מען געמוזט הערן אין דער כעלעמער פינצטערניש. וואָרים באלד האָבן זיך דערהערט יידישע קולות, ובראש דאָס געשריי פון ר׳ מנשהן דעם בית־דין־שמש. די קולות האָבן זיך דערנענטערט פון דעם אַרומיקן וימש־חושך. באלד האָבן זיך געזען לאמטערנעס און הבדלות. מן־הסתם זענען אויך די חתונה־מחותנים געקומען אָנצולויפן אויף די געוואַלדן פון פרנס־חודש. די הינט האָבן דערהערט, אז מען גייט, האָבן זיי פון ר׳ יוספס פיס אראָפּגעכאַפּט די רעשטלעך פון די געגנדז און אַנטלאָפן אין די ביינאַכ־טיקע שנייען ווו עס דער פעפער וואַקסט.

ווען דער עולם יידן איז אָנגעקומען מיט די הבדלות און מיט די לאַמ־טערנעס איז זיי נעבעך פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. זיי האָבן געזען ווי דער פרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, ליגט אַ באָרוועסער אויסגעצויגן אויפן הוילן כעלעמער שניי.

כעלעמער זענען דאָך אָבער גרויסע חכמים און איבערגעלייגטע יידן, איז איידער מען האָט נאָך אָנגעהויבן עפּעס צו טון ביי ר׳ יוספן, האָט מען קודם־כל געוואָלט וויסן צי מען דאַרף זאָגן ברוך דיין אמת און שיקן נאָך דער חברה קדישא. ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש, האָט ביי זיך תמיד גע־האַט אַ געגנדזענע פעדער. אויך משום ווי עס מאַכט זיך, זאָל מען ביי אַ

יציאת־נשמה נישט ערשט דארפן אָנהויבן זוכן, נאָר באַלד האָבן די פּעדער ביי דער האַנט. האָט מען ר׳ מנשהס פּעדער צוגעלייגט ר׳ יוספן דעם פּרנס־חודש צו דער נאָז און געוואָלט וויסן צי האלט שוין מיט אים, נישט פאַר קיין ייד געדאכט, נאָכן אויסשפּייען.

דאַנקען גאָט, ר׳ יוספס נאָז האָט פון זיך אַוועקגעבלאָזן די פּעדער.

האָבן זיך כּעלעמער יידן שטאַרק געפרייט, וואָס ר׳ יוסף לאָקש בלייבט ביי זיי ווייטער פּרנס־חודש. מען האָט אים אַרומגערינגלט מיט די לאַמ־טערנעס און געזוכט אַן עצה וואָס צו טון.

מען האָט געטראַכט און געטראַכט ווי דער שטייגער איז אין אַ שטאָט פון אַ סך טראַכטענישן. לסוף האָט מען באַשלאָסן ר׳ יוספן אויפצוהייבן און אים אַוועקצוטראָגן אַהיים.

וכך הוה.

## קאַפּיטל זעקס

שאָשע וויל אויך פֿאַלן אין חלשות. — נאָר ווער וועט מאַכן דאָס גרויסע געוואַלד?

ווען מען האָט ר׳ יוספֿן געבערענגט אַהיימצוטראָגן אַ באָרוועסן און אין הינער־פּלעט, האָט זיין ווייב, מרת שאָשע, זיך שוין געהאַט גענומען צום צימעס. דערהערט פֿון דעם אינדרויסן דאָס קול פֿון אַ סך יידן, האָט זי געמיינט, אַז דאָס גייט מען שוין צו דער סעודת־חנוכה. מרת שאָשע האָט ביי זיך געפֿרעגט: וואָס איז דאָס געאיילעניש? עס מוז זיך דאָך נאָך אַלצדינג קאָכן, און די צוויי גענדז שטייען אויפֿן לאָקשנברעט פֿאַר דער קאַנאַפּע רויע ווי פֿאַר ששת ימי בראשית.

באַלד האָט מען אָבער שטאַרק אָנגעהויבן צו קלאַפּן ביי דער טיר. ביי דער מרת שאָשע האָט זיך נישט ווילנדיק ארויסגעכאַפּט פֿון די ליפּן: גיב נאָר אַ קוק כעלעמער פּרעסערס!

זי טוט אַן עפֿן די טיר און דערזעט: צוויי נאַקעטע פֿיס שוועבן איר גלייך אין פּנים אַריין. זי האָט באַלד דערזען ווי יידן מיט לאַמטערנעס אין די הענט טראָגן איבער די קעפּ אַ מת־מצווה.

— תחילת האָט מרת שאָשע נישט געוווּסט ווער עס איז דער מת־מצווה. איר איז דאָך נישט איינגעפֿאַלן, אַז דער פּרנס־חודש, ר׳ יוסף, גייט אַרום איבער כעלם אַ באָרוועסער. זי האָט אַ זיפֿץ געטון און געטראַכט: מן־הסתם האָט אַ פֿרעמדער ייד אַהער פֿאַרבלאָנדזשעט קיין כעלם און איז נעבעך פֿאַרפֿרוירן געוואָרן אין די שנייען. ווהין טראָגט מען אַ מת־מצווה אויב נישט צום פּרנס־חודש?

דערהערנדיק אָבער ווי די יידן זאָגן, אַז מען דאַרף ר׳ יוספֿן אוועקלייגן אויף דער קאַנאַפּע, — האָט זי געוואָלט פֿאַלן אין חלשות. נאָר זי

האָט זיך מיישב געווען: אויב זי וועט פאַלן אין חלשות טאָ ווער וועט מאַכן דאָס גרויסע געוואַלד?

כך הוה. מרת שאָשע האָט נישט געפרעגט וואָס און ווען, און ווי אַזוי קומט ר׳ יוסף צו גיין אַ באָרוועסער צו סידור־קידושין? קודם כל הקודמס האָט זי געמאַכט דאָס גרויסע געוואלד.

די יידן — אַלע טיף־פאַרשנייטע און מיט לאַמטערנעס אין די הענט — האָבן געטראָגן ר׳ יוספן אין שטוב אַריין און אים אַוועקגעלייגט אויף דער קאַנאַפע, ווו ער איז מיט אַ שעה פריער אַזוי שיין געשלאָפן און געהשבונט די גאָלדענע רענדלעך וואָס די הימלען האָבן געשיט איבער כעלם.

## קאַפּיטל זיבן

געשטאָרבענע יידן עסן שיך און געקוילעטע גענדז פליען אַוועק

אין אַ שעה אַרום האָט זיך ר' יוסף לאָקש אַויפגעכאַפּט פון די שווערע היי־נער־פלעט. ער האָט אַ ריס־אויף געטון די אויגן און געזען, אַז ער ליגט ביי זיך אויף דער קאַנאַפּע. קודם כל האָט ער געטון אַ הויכן געגעץ און זיך דערמאָנט וואָס עס איז מיט אים געשען. ער האָט ניט לאַנג גע־ברייעט און געשריי געטון: שאָשע!

מרת שאָשע איז ווידער נישט־טויט און נישט־לעבעדיק געקומען אַריינצולויפן פון דער קיך.

— שאָשע! — האָט ר' יוסף לאָקש געזאָגט אין גרויס שרעק — מען מוז תיכף שיקן נאָך ר' שמשין דעם סופר און זאָל ער נאָכקוקן אין כעלם די מזוזות. עס איז נישט גלאַטיק. אין שטעטל דרייען זיך אַרום גלגולים. עס גלויבט זיך מיר נישט צו, אַז דאָס זענען כעלעמער גלגולים. כעלע־מער גלגולים וואָלטן נישט געוועען אַזעלכע נאַראָנים און געפרעסן שיך.

ר' יוסף לאָקש האָט ווייט און ברייט דערציילט דער מרת שאָשע ווי דריי גלגולים, בדמות דריי שוואַרצע כלבים, האָבן זיך גענומען צו זיינע שיך און זיי אויפגעפרעסן ביז צום לעצטן פאָדעם. און טאַקע אין מיטן כע־לעמער מאַרק.

— אָט האָסטו דאָך אַ שוך! — האָט מרת שאָשע פלוצים געזאָגט. זי האָט זיך געהאַט אַרונטערגעבויגן צו דער קאַנאַפּע, אויפגעהויבן ר' יוספס אַ שטיוול און אים געוויזן.

— הייסט עס? — האָט ר' יוסף לאָקש זיך גלייך געפּלפּולט מיט אַ גמרא־ניגון, — אַז די גלגולים האָבן זיך שפּעטער געכאַפּט, אַז איך בין דער פּרנס־חודש און אַז ס'איז נישט שיין פאַר גלגולים פון פרעמדע יידן צו קומען פונקט חנוכה קיין כעלם און גראָד ביים פּרנס־חודש אויפצועסן די שיך און גראָד ווען ער גייט פון אַ סידור־קידושין? זעט זיך אויס, אָרנט־

לעכע גלגולים, — האָט ר׳ יוסף לאָקש ווייטער געזאָגט — הגם עס פּאַסט נישט פאַר אָרנטלעכע גלגולים זיך צו פאַרשטעלן פאַר גויאישע כלבים. ווו־זשע איז דער אַנדערער שוך? — האָט ר׳ יוסף פּלוצים געפרעגט. — משמעות, עס איז נאָר געווען איין לייטישער גלגול, די אַנדערע גלגולים זענען געווען יידן פּאַרכעס.

— אָט איז דער צווייטער שוך! — האָט מרת שאָשע געזאָגט און אויפגעהויבן נאָך אַ שטיוול פון אונטער דער קאַנאַפּע.

— לייטישע גלגולים, לייטישע גלגולים — האָט ר׳ יוסף אַ צופרידענער געשאָקלט מיטן קאָפּ. — פונדעסטוועגן, מאָרגן בלי־נדר כלחוך, שיק איך ר׳ שימשין נאָכצוקוקן די מזוזות. מוחל גלגולים אין כעלם! איצט, שאָשע שתחיה, וועל איך אָפּכאַפּן אַ מעריב. אָקערשט וועלן יידן קומען אויף דער חנוכה־סעודה.

— און איך גיי מאַכן די גענדז — האָט מרת שאָשע געזאָגט און זיך אַרונטערגעבויגן צו דער קאַנאַפּע, כדי צו נעמען דאָס לאָקשן־ברעט מיט די צוויי גענדז, וועלכע זי האָט דאָ געהאַט אַוועקגעשטעלט.

זי זוכט און זוכט און טוט זיך אַ כאַפּ פאַרן קאָפּ.

— ווייי און ווינד איז צו מיר! — האָט מרת שאָשע געשריגן. — די גענדז זענען דאָך מיר אַוועקגעפלויגן! לויף שוין, יוספשי, און זאָל ר׳ שמשי תיכף ומיד, און נאָך היינט ביינאַכט, נאָכקוקן די מזוזות. עס איז נישט גוט מיט כעלם. געשטאָרבענע יידן וואָס דאַרפן זוכן אַ תיקון באַפאַלן גאָר אַ פּרנס־חודש און עסן אים אויף די שיך. געשאָכטענע כשר־געמאַכטע און אויסגעזאַלצענע גענדז הויבן זיך אויף פון לאָקשן־ברעט און פליען אַוועק.

כך הוה. הענדום־פענדום האָט מען גערופן ר׳ שמשין דעם סופר, און אינמיטן די שנייען און פינצטערנישן איז ער אַרומגעגאַנגען איבער כעלם מבית לבית מיט אַ לאַמטער אין דער האַנט און נאָכגעקוקט די מזוזות.

מען האָט די ווונדערלעכע מעשה מיט ר׳ יוסף לאָקש פּאָדראָבנע באַשריבן אין כעלעמער פּינקס. וואָס עס איז געוואָרן מיט דער חנוכה־סעודה האָט מען, זעט זיך אויס, פאַרגעסן דאָרט אַריינצושרייבן. און אויב עס שטייט נישט אין כעלעמער פּינקס, קאָן עס אויך נישט וויסן קיין יידישער שרייבער.

# כעלעמער מעשה־בראשית

## קאַפּיטל איינס

כעלעמער מעשה־בראשית. — ווי אַזוי כעלם איז געוואָרן די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט

ווי מיר ווייסן, איז אַ ספר אָן אַן הקדמה געגליכן צו אַ גוף אָן אַ נשמה. עס וואָלט דאָך געווען גאָר אַ גרויס חידוש ווען אַזאַ קלוגע שטאָט ווי כעלם לאָזט איבער איר פּינקס לדורות און פֿאַרגעסט דאָרט אַריינ־צושרייבן אַן הקדמה.

ניין, טייערע לייענער! אַזאַ חשד וואָלט זיך גאָרנישט געשיקט פֿאַרן כעלעמער פּינקס, וואָס מען האָט געפֿונען, ווי מיר האָבן שוין געשריבן, אויף אַ בוידעם פֿון אַ מקווה־מפּולת. דער פּינקס האָט נישט בלויז אַ שיינע הקדמה, נייערט אַ הקדמה מיט אַ בפּרטיותדיק באַשרייבעניש פֿון כעלע־מער מעשה־בראשית אַזוי צו זאָגן. דאָרט איז באַשריבן וואָס עס האָט פּאַ־סירט מיט דער קלוגער שטאָט כעלם מיום הילדה, דאָס הייסט, פֿון דער ערשטער מינוט ווען עס איז נאָר עולה־במחשבה געווען מזכה צו זיין אונ־דזער נאַרישע וועלט מיט אַזאַ קלוגע שטאָט.

אין דער הקדמה פֿון כעלעמער פּינקס שטייט וועגן דעם די פֿאָלגנ־דיקע מעשה. מן־הסתם איז זי אַ כעלעמער מסורה. אפשר האָט עס גאָר כעלעמער קהל מעתיק געווען פֿון אַן אַלטן כתב־יד.

באַלד נאָך ששת ימי בראשית האָט מען אַרויסגענומען פֿון עולם־הנשמות דריי זעק מיט נשמות, איין זאַק מיט הוילע נאַראָנים, איין זאַק מיט חכמים און איין קליין זעקל מיט גאָר גרויסע חכמים. פֿון דעם דאָזיקן טייערן זעקל האָט מען נאָר געוואָלט צושמעלצן און צוגעבן אַ קרישקעלע, דאָס הייסט: ווען מען וועט אַראָפּלאָזן אַ שטאָט מיט חכמים, וועט מען פֿון דעם קליינעם זעקל צושיטן ווי אַ זעלטן געווירץ אַ נשמה פֿון אַ גרויסן חכם.

הכלל, מען האָט געגעבן אַ מלאך די דריי זעק און אים געהייסן פליען איבער דער וועלט און שיטן לויטן פלאַן.

דער מלאך איז געפלויגן און געטון וואָס מען האָט אים געהייסן. ווי ער פליט אַזוי איבערן עולם־התחתון, פליט ער פאַרביי כעלם. כידוע, שטייט אין דער מיט כעלם אַ גרויסער באַרג. אויפן גרויסן באַרג איז דעמאָלט געוואקסן אַ ווילדער בוים מיט שפּיציקע צווייגן.

וועגן כעלם האָט דער מלאך גאָרנישט געטראַכט זי צו מאַכן פאַר אַ שטאָט. אַזוי ווי ער איז שוין געווען מיד פון פליען, איז ער גראד איבער כעלם געפלויגן אַ קאַפּעטשקע נידעריקער און געהאַלטן אין דער האַנט די צוויי זעק, ווי אויך דאָס טייערע זעקל.

צי דער מלאך האָט זיך פאַרקוקט אויף דעם שיינעם כעלעמער באַרג, צי ער האָט בכלל זיך פאַרטראַכט אין מחשבות — וועגן דעם שרייבט נישט די הקדמה פון פינקס. גענוג — דאָס טייערע זעקל האָט זיך פאַר־טשעפּעט אין די שפּיציקע צווייגן פון כעלעמער בוים. דערפון איז גע־וואָרן אַ לאָך אינעם טייערסטן זעקל פון עולם־הנשמות. די נשמות פון די גרויסע חכמים האָבן זיך אויסגעשיט איבער כעלם און דאָרט אָנגעהויבן צו וואַקסן. פון צווישן זיי איז אויסגעוואַקסן אַזאַ פרנס־חודש ווי דער קלוגער ר׳ יוסף לאָקש.

דאָס איז געווען די מעשה־בראשית פון דער שטאָט כעלם. די רויטע יידעלעך וואָס רעדן נייערט תרגום־לשון רופן די שטאָט: כעלמתא.

ווי אַזוי כעלם, די קליגסטע שטאָט פון דער וועלט האָט זיך ווייטער אויפגעבויט, שטייט אויך פּאָדראָבנע באַשריבן אין דער הקדמה פון גע־פונענעם פינקס, און מיר וועלן דערציילן אין דער קומענדיקער געשיכטע.

## קאַפּיטל צוויי

די כעלעמער חכמים וואַקסן אין די תמוזדיקע היצן. — עס הייבט אָן רעגענען און מען רופט אַן אסיפה

ווען דאָס זעקל מיט די גרויסע חכמים האָט זיך אויסגעשיט איבער כעלם איז פונקט געווען אין דער מיט תמוז. די היצן זענען געווען גרויס. גראָד איז געווען אַ טרוקענער זומער און עס האָט נישט גערעגנט. די זומערדיקע וואַרעמקייט האָט אויך גורם געווען וואָס די גרויסע חכמים זענען אַזוי ראַפּטום געוואַקסן אַרום דעם כעלעמער באַרג. מענטשן, ווי עס איז באַוווסט, באַדאַרפן נישט קיין רעגן כדי צו וואַקסן.

ווי קלוג יענע גרויסע חכמים זאָלן נישט האָבן געווען, איז זיי פאָרט נישט איינגעפאַלן, אַז דער זומער־לעב וועט זיך נישט אַוועקציען לדורות. אָט איז באַלד נאָך תשעה באָב און עס רוקט זיך אָן דער חודש אלול. מען וועט בלאָזן שופר, די פיש וועלן ציטערן אין וואַסער, עס וועלן זיך מאַכן ווינטן און עס וועט אָנהייבן צו רעגענען. די חכמים האָבן נישט געטראַכט וועגן אויפשטעלן זיך הייזער. זיי זענען אַלץ געלעגן אויף דער הייסער זון ווי אין אַ שוויץ־באָד און געשמועסט וועגן טיפע חכמות.

אין די ערשטע אלול־טעג האָבן זיך די הימלען מיט אַמאָל פאַר־וואָלקנט און עס האָט אָנגעהויבן צו טריפן מיט וואַסער. די כעלעמער חכמים האָבן געמיינט: ערגעץ־ווו האָבן זיך מענטשן ווידער פאַרזינדיקט און עס קומט פונדאָסניי דער מבול.

מען איז געזעסן זיבן טעג און זיבן נעכט און געחקרנט און געטראַכט און געמישט ספרי־חקירה און נאָכגעקוקט, אָבער מען איז נישט געקומען צו קיין טאָלק.

דערווייל זענען די טעג קילער געוואָרן. די זון האָט אָנגעהויבן צוריק אַריינצוקריכן אין איר פוטער־פעסל. די כעלעמער חכמים האָבן געזען, אַז

עס זענען גאָר קיין חכמות נישט — זיי זענען נאַס פון רעגן און עס וואַרפט זיי דאָס זיבן־יאָריקע קדחת — האָבן די גרעסטע חכמים פון דער וועלט צונויפגערופן אַן אסיפה. מחמת דעם גרויסן איילעניש, האָט זי נישט לאַנג געדויערט. סך־הכל זיבן טעג און זיבן נעכט. מען האָט באַשלאָסן: אַזוי ווי עס גייט בלי־נדר צום ווינטער און עס כליאַפּעט דער רעגן, זאָל מען נישט לאַנג באַלאַמוטשען און בויען הייזער.

## קאַפּיטל דריי

אין די ערשטע וואָכן נאָך מעשה־בראשית. — כעלם האָט
דעם שיינעם וואַלד

באַלד נאָר ווי די אסיפה האָט באַשלאָסן צו בויען הייזער האָבן זיך די הימלען אויסגעלייטערט. ס׳האָט זיך געשטעלט דער שיינער פּוילישער האַרבסט. עס זענען מער נישט געווען אַזעלכע חמימות ווי אין תמוז. די נעכט זענען אויך געוואָרן קאַלטע. די הימלען זענען געווען שטילע און לויטערע. די בלעטער האָבן אָנגעהויבן וויאַנען און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די וועלט ווערט כולו גאָלד.

נאָך דער ערשטער נאַכט פון דער אסיפה האָבן די כעלעמער חכמים אויפגעהויבן די אויגן צום באַרימטן כעלעמער באַרג. זיי טוען אַ קוק: דער באַרג איז פּלוצים באַוואַקסן מיט וואַלד.

וועט דאָך דער לייענער פרעגן: ווי אַזוי וואַקסט דאָס אויס אַ וואַלד אין איין נאַכט?

דאַרף מען אָבער נישט פאַרגעסן, אַז ווען די געשיכטע קומט פאָר האַלטן מיר ערשט עטלעכע וואָכן נאָך מעשה־בראשית. אויב די גאַנצע וועלט האָט געקאָנט באַשאַפן ווערן אין זעקס טעג, מעג, נישקשה, דער כעלעמער וואַלד אויסוואַקסן אין איין נאַכט. און איך בעט דעם לייענער מיך נישט מער צו פרעגן קיין קשיות, מחמת איך האַלטן אינמיטן דער מעשה.

די כעלעמער חכמים זעען אַ וואַלד, טראַכטן זיי, אַז עס איז מן השמים, כדי זיי זאָלן זיך בויען הייזער.

האָט גאַנץ כעלם אנשים ונשים וטף גענומען העק מיט זעגן און אַרויפגעגאַנגען אויפן שיינעם כעלעמער באַרג. זיי טוען אַ קוק: אויפן באַרג איז ממש פינצטער פון דער וואַלד־געדיכטעניש. ביימער — ארזי־

לבנון. זייערע שטאַמען זענען שלאַנק און רונדיק און די שפּיצן פון די ביימער דערגרייכן ביז צו די וואָלקנס.

האָבן די כעלעמער נאָך אַמאָל געזען, אַז עס איז אַ נס מן השמים. זיי האָבן זיך גענומען אונטערזעגן די ביימער און דערביי זיך געפרייט וואָסערע ווילע, וואַרעמע הייזער זיי וועלן האָבן ווען עס וועלן בלי־נדר קומען די גרויסע פרעסט און זיי וועלן קענען זיצן ביים פּריפּעטשיק און שמועסן חכמות.

---

## קאַפּיטל פיר

כעלעמער חכמים שפּאַנען זיך איין ווי די אָקסן

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אַ האַלבער וואַלד איז געלעגן ארצה און די ביימער זענען געלעגן מיט די צווייגן אויף אַרויף.

ווען עס איז געקומען די ביימער אַראָפּצושלעפּן אונטן אַראָפּ קיין כעלם, האָבן די כעלעמער געזען, אַז קיין טייבעלעך פליען נישט אין מויל אַריין. מילא, אונטערצוזעגן אַ בוים איז נאָך אַ האַלבע צרה. אַ ביים פאַלט אום פון זיך אַליין. אָבער אַראָפּשלעפּן אַ בוים, און נאָך דערצו אַזעלכע ארזי־לבנון, מוז מען נישקשה גוט פראַצעווען.

האָבן טאַקע די גרויסע כעלעמער חכמים געאַרבעט ביי די ביימער ווי פּראָסטע גויים. אפשר אַ צוואַנציק חכמים האָבן זיך געמוזט איינשפּאַנען אין אַ בוים און אים שלעפּן גלייך ווי זיי וואָלטן בעוונותינו הרבים געווען האָראָפּאַשנע אָקסן. דערצו איז דאָס שלעפּן צוגעגאַנגען זייער, זייער פּאַמעלעכל. עס האָט גענומען וואָכן און וואָכן. דערווייל קומען אָן די קעלטן און די כעלעמער חכמים מוזן נאָך אַלץ ווינען איבער הוילן אינדרויסן, נישט ס'איז דאָ אַ פּריפּעטשיק, נישט מען קאָן שמועסן הכמה. אין אָן הכמה — ווי אַזוי קאָן כעלם זיין כעלם?

## קאַפּיטל פינף

די ליטוואַקעס לעבן פון קדמונים אין תוהו ובוהו און חזרן דאָרט ש״ס אויף אויסנווייניק.

איצט לאָמיר אויף אַ רגע איבערלאָזן דעם בן־מלך, דאָס הייסט, זאָלן די בעלעמער חכמים שלעפן די קלעצער, און מיר וועלן זיך נעמען צו דער בת־מלכה, דאָס הייסט, צו דער ששת־ימי־בראשיתדיקער וועלט.

פון חומש ווייסן מיר, אַז אין די ששת־ימי־בראשית איז באַשאַפן געוואָרן אדם הראשון. אַז אדם הראשון איז געווען אַ פּוילישער ייד — דאָס איז פשוט און אויך דער שכל איז עס מחייב. מען קאָן דאָך נישט זאָגן, אַז אדם הראשון איז, חלילה, געווען אַ ליטוואַק.

אויב אַזוי — טאָ ווען זענען באַשאַפן געוואָרן די ליטוואַקעס?

זאָגן אַ טייל חקירה־ספרים, אַז די ליטוואַקעס זענען טאַקע גאָר נישט באַשאַפן געוואָרן. זיי האָבן זיך פון קדמונים אַרומגעדרייט אין תוהו ובוהו. איי, וואָס האָבן זיי דאָרט געגעסן? איז, ווי עס איז ידוע, באַדאַרפן די ליטוואַקעס כמעט נישט צו עסן. אַן אַלטע ציבעלע האָבן זיי געקאָנט אויס־געפינען אפילו אין תוהו ובוהו. אויך האָבן זיי זיך, די ליטוואַקעס, דאָרט אַזוי אַרומגעדרייט — און מחמת זיי זענען גרויסע לומדים — האָבן זיי גע־חזרט ש״ס אויף אויסנווייניק. ווער וואָלט זיך אויף זיי אומגעקוקט?

האָט מען אָבער געזען, אַז ווען מען לאָזט איבער אַ פּוילישן ייד אַליין פּטרט ער די בעסטע געשעפטן. קינד און קייט ווייסן וואָסער שיינעם תכלית אדם הראשון האָט געמאַכט פון גן־עדן. האָט מען זיך מיישב געווען און אַרויסגערופן אַ ליטוואַק פון תוהו־ובוהו אַרויס און אים אַוועקגעזעצט לעבן אַ פּוילישן ייד. ווי עס מאַכט זיך, זאָל אים דער ליטוואַק אַרויס־העלפן מיט אַן עצה. וכך הוה.

איצטער לאָמיר זיך אומקערן קיין כעלם.

## קאַפּיטל איינס

גייט זיך אַזוי אַ ליטוואַק און באַמקעט אַ זמרל. — ער ווייזט
כעלעמער חכמים וואָס מען באַדאַרף טון

די כעלעמער חכמים שלעפן דערווייל די קלעצער. מען האַלט שוין אָט־אָט ביים לעצטן קלאָץ. די כעלעמער חכמים אַרבעטן נעבעך עבֿודת־פּרך ווי יידן שפּעטער אין מצרים.

גייט זיך אַזוי פֿאַרביי פֿאַרן כעלעמער באַרג אַ ליטוואַק.

אַ ליטוואַק אַ קרועה־ובלואה. אַ באָרוועסער. ער טראָגט אַ זעקל איוף די פּלייצעס, אַ גראָבן אָרעמאַנסקן שטעקן אין דער האַנט, און אַ צעריסן שמויסן מיצל איופן קאָפּ. אַ ליטוואַק וואָס האָט אויסגעקוקט אַן ארחי־פרחי, אַ מדינה־גייער. לאָמיר זאָגן, אַז ער האָט געהייסן ר׳ פּייוזקע, און לאָמיר זאָגן — עס קאָן זיין, אַז דאָס איז דער זעלבער ר׳ פּייוזקע, וועלכן מיר האָבן באַשריבן אין אונדזער באַרימטן חיבור „שמחה פּלאַכטע״.

ר׳ פּייוזקע דער ליטוואַק גייט זיך אַזוי פּאַמעלעכל פֿאַרביי דעם כע־לעמער באַרג. זאַט איז ער געווען, מחמת פֿאַר עטלעכע שעה צוריק האָט ער אָפּגעגעסן אַ שטיקל פֿון אַן אַלטער ציבעלע. גייט ער אַזוי, דער ליט־וואַק און באַמקעט זיך אַ זמרל.

הייבט ער אויף די אויגן, זעט ער ווי יידן שפּאַנען זיך איין אין קלע־צער, ציען זיך נעבעך ווי די סוסים און שלעפּן זיי אַראָפּ פֿון באַרג. טוט ער אַ קוק די יידן אויף די נעז — אַ ליטוואַק האָט אַן אויג — דערקענט ער באַלד, אַז דאָס זענען די גרעסטע חכמים פֿון דער וועלט. טוט דער ליטוואַק צו זיך אַ שמייכל און וואַרפט אַרויס פֿון די ליפּן: ווייס איך וואָס! פּעיליסע דריפּקעס!

באַלד טוט ער זיך אַ שטעל אָפּ, גיט נאָך אַ מאָל אַ קוק און ריפט זיך אָן אויפן הויכן קול:

— אַ גאָט העלף אייך, יידן! הייסן הייס איך פּיוּוקע. מען האָט מיך אַרויסגעשיקט פון תוהו־ובוהו צו גיין איבער דער וועלט און צו זען צי טוט אַ ייד אַמאָל נישט אַ נאַרישקייט און צי דאַרף ער נישט קיין עצה. זע איך טאַקע ווי די קליגסטע יידן אין דער וועלט טוען די גרעסטע נאַרישקייטן.

די כעלעמער חכמים האָבן קוים געכאַפּט דעם אָטעם און זיך אָפּגעווישט מיט די פּאָלעס די פאַרשוויצטע שטערנס. אָט גייען זיי זיך איינשפּאַנען צום לעצטן קלאָץ וואָס איז נאָך פאַרבליבן אויבן אויפן באַרג. זיי זעען אַן אָרעמאַן אַ מדינה־גייער, האָבן זיי געמיינט, אַז דער שלעפּער זוכט אַ הקדש אויף איבערצונעכטיקן, און זיי האָבן צו אים אַראָפּגעשריגן פון באַרג:

— מיר בויען ערשט פאַר זיך אַליין הייזער, רב ייד. מיר האָבן נאָך נישט קיין הקדשים פאַר ארחי־פרחי. איר מוזט אייך אויסזוכן אַן אַנדער שטעטל מיט יידן.

האָט זיך דער ליטוואַק ר׳ פּיוּוקע צעלאַכט און געזאָגט:

— וואָסערע הקדשים, ליבע יידן? אין תוהו־ובוהו האָבן מיר פאַרנומען, אַז די כעלעמער חכמים בויען אַ שטאָט און זיי בויען זי ווי די גרעסטע נאַראָנים. מען שעמט זיך פאַר אייך אין גאַנצן תוהו־ובוהו. מען האָט מיך אַהער געשיקט, כדי אייך, די קליגסטע, צו געבן אַן עצה.

— מוחל, ר׳ ליטוואַק — האָבן די כעלעמער חכמים געשריגן און ווייטער געשלעפּט דעם לעצטן קלאָץ.

ר׳ פּיוּוקע האָט געזען, אַז איינרעדעניש איז שטאַרקער פון אייזן, האָט ער זיך מיישב געווען און זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן שיינעם כעלעמער באַרג און געבליבן שטיין מיט זיין אָרעמאַנסקן שטעקן אינמיטן צווישן די קליגסטע יידן פון דער וועלט.

ער האָט נישט לאַנג געבריייעט און גענומען דעם לעצטן קלאָץ, וואָס איז געלעגן האַרט ביים באַרג־שפּיץ און אים געגעבן אַ שטופּ מיטן פוס. דער קלאָץ האָט זיך שנעל אַליין אַראָפּגעקאָלערט אונטן אַראָפּ אין טאָל אַריין.

— זעט איר, יידן, — האָט ר׳ פּייוזקע געזאָגט — פאַרוואָס מען האָט מיך צו אייך אַהער געשיקט פון תוהו־ובוהו? איר זענט טאַקע גרויסע קאָפּ־מענטשן, אָבער אין פּשוטע זאַכן ווייסט איר אַזוי פיל ווי פֿיל אַ שמעק־טאַבאַק.



איר זענט טאַקע גרויסע „קאָפּ מענטשן"

## קאַפּיטל צוויי

מען רופט אַן אסיפה און מען באַשליסט צו פאָלגן דעם ליטוואַק

די כעלעמער חכמים זענען ביי זיך געווען זיכער, אַז זיי זענען די קליגסטע אין דער וועלט און קאָנען ברוך־השם אַליין באַשטיין זייער שטעטל. זיי באַדאַרפן נישט קיינעמס עצות. פאָרט האָבן זיי געמוזט זען, אַז דער פרעמדער ליטוואַק ווייסט עפּעס וואָס זיי ווייסן נישט, היינו: אַז ווען אַ קלאָץ ליגט ביים שפּיץ פון אַ באַרג דאַרף מען אים נישט שלעפּן, ער קאָלערט זיך אַליין אַראָפּ ווען מען טוט אים אַ שטופּ.

פון גרויס וווּנדער זענען די כעלעמער חכמים געבליבן אָן לשון. ווען זיי זענען געקומען צו זיך און האָבן געוואָלט ווייטער דעם ליטוואַק עפּעס פרעגן, אים געבן די שיינע נדבה אָדער גאָר פאַרבעטן אויף וועטשערע — איז דער ליטוואַק שוין מער נישט געווען. מען האָט אים, ר׳ פּיוּוקען, געזען מיטן אָרעמאַנסקן שטעקן און מיטן זעקל אויף די פּלייצעס ווי ער גייט זיך פּאַמעלעכל העט ווייט אויפן וועג, וואָס פירט אַרויס פון כעלם.

מילא, נישטאָ איז נישטאָ. האָט מען באַשלאָסן צו רופן אַן אסיפה, כדת מה לעשות — וואָס טוט מען ווייטער?

געוויינטלעך האָט מען זיך שטאַרק געאײַלט, מחמת די טעג זענען געוואָרן קעלטער און קעלטער, די רעגנס האָבן געכליאַפּעט ווי מיט צעבערס, כעלם איז איין גרויסע בלאָטע — און די כעלעמער חכמים ווינען נאָך אַלץ אויפן אינדרויסן. די אסיפה האָט דעריבער נישט מער געדויערט ווי זיבן טעג און זיבן נעכט.

מען האָט פעסטגעשטעלט און עס לדורות פאַרשריבן אין כעלעמער פּינקס: נומער איינס: די כעלעמער זענען טאַקע די גרעסטע חכמים פון דער וועלט, אָבער די ליטוואַקעס זענען אויך נישט קיין נאַראָנים. נומער צוויי: די גרעסטע חכמים מעגן אויך אַמאָל צושטעלן אַן אויער און הערן

אַן עצה ביי אַ וויניקער קלוגן פון זיי. על כן, באַשליסט קהל לאמור, אַזוי צו זאָגן: מען זאָל די קלעצער אַראָפּקאָלערן פון כעלעמער באַרג אין טאָל אַריין דאָרט ווו מען דאַרף צו בויען כעלם.

נאָך דער אסיפה, ווען אַלצדינק איז שוין געווען באַשלאָסן און כתיב וחתום — האָט זיך אָנגערופן איינער וואָס מען האָט אים געהאַלטן פאַר דעם קנאַפּסטן פון די חכמים, ער האָט געהייסן ר׳ געצל גדליה און איז געווען אַ זאַאיקע. ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט זיך ענדלעך דער־שטאַמלט וואָס ער וויל.

— רבותי — האָט דער זאַאיקע לאַנג געשטאַמלט, — וואָס הייסט מיר וועלן איצט אַראָפּקאָלערן די קלעצער, ווען מיר האָבן זיי שוין אַלע אַראָפּגעשלעפּט אונטן?

אין פלוג האָט עס אויסגעקוקט, אַז דער זאַאיקע איז גערעכט. איז מען פונדאָסניי געגאַנגען צו אַן אסיפה און אָפּגעחקרנט זיבן טעג און זיבן נעכט. לסוף האָט מען באַשלאָסן און ווידער פאַרשריבן כתוב והתום, — מען האָט עס געהאַלטן פאַר אַזאַ קלוגן באַשלוס, אַז מען האָט געוואָלט, אַז אויך שפּעטערע דורות זאָלן דערפון לערנען.

היינו: זאָלן זיך אַלע כעלעמער חכמים איינשפּאַנען אין די קלעצער און זיי צוריק אַרויפשלעפּן אויפן באַרג. דערנאָך זאָל מען די קלעצער אַראָפּקאָלערן כפי, ווי עס האָט געעצהט דער ליטוואַק, וועלכן מען האָט אַהערגעשיקט קיין כעלם.

כך הוה. מען האָט די קלעצער געשלעפּט און געשלעפּט צוריק אַרויף אויפן באַרג. דער שווייס האָט זיך געגאָסן פון די קלוגע שטערנס פון די כעלעמער חכמים. די טעג זענען געוואָרן קעלטער. ס׳האָט געכליאַפּעט דער רעגן. עס זענען געקומען די גרויסע פרעסט און דער שניי. די כעלע־מער חכמים שלעפּן נאָך אַלץ די קלעצער צוריק ארויף אויפן באַרג, כדי דערנאָך זיי ווידער אַרונטערצוקאָלערן לויט דער קלוגער עצה פון ר׳ פייוועקן דעם ליטוואַק.

די וועלט וואָס איז, כידוע, געגליכן צו כעלם טוט אויך דאָס זעלביקע: זי קאָלערט אַרויף די קלעצער און זי קייקלט אַרונטער די קלעצער — און דאָס רופט מען וועלט־געשיכטע.

## קאַפּיטל איינס

מען לעבט נישט אייביק. — פּה תקבר. — מיט דער חכמה זענען
טאַקע אַלע כעלעמער גלייך אָבער נישט מיטן גוף

ידוע, קלייבן מיר זיך אויס נישט בלויז אונדזערע מצוות, נייערט אויך אונדזערע חטאים. אין גן־עדן זענען געוואקסן צוויי ביימער: דער עץ־החיים און דער עץ־הדעת. ביידע ביימער האָבן געהאַט שיינע גלוסטיקע עפּעלעך, און צו ביידע האָט אדם הראשונען געטאָרעט דער יצר־הרע. וואָלט אדם געגעסן די עפּעלעך פון עץ־החיים, וואָלט ער נאָך געלעבט ביז היינט צו טאָג, און נעבעך געהאַט קנאַפּ נחת פון זיינע אייניקלעך. אדם הראשון האָט זיך אויף טשעקאַוועסט אויסגעקליבן די עפּעלעך פון עץ־הדעת. ער האָט, הייסט עס, געוואָלט וויסן וואָסער פּנים עס האָט דער מענטש. נאָכן אויפעסן דאָס דעת־עפּעלע האָבן זיך אים די אויגן געטון אַן עפן. וואָס האָט ער געזען? אַז דער גאַנצער מענטש איז סך־הכל נישט מער ווי אדם־נאַקעט.

צו די עפּעלעך פון עץ־החיים האָט דער זיידע אדם הראשון זיך נישט צוגערירט. און דעריבער לעבן מיר, ברוך־השם, נישט אייביק. אפילו אזא ייד ווי מתושלח, וואָס לעבט און לעבט און לעבט נאָך — וועט אייך אַמאָל דערלעבן ווען ער וועט זיך מוזן לייגן אין בעט אריין. מען וועט צו אים אַריינרופן אַ מנין יידן, זיי וועלן אָנצינדן ליכט און זאָגן אויף מתושלחן דעם „יושב בסתר". און מתושלח וועט זיך אויך נישט לאָזן לאַנג בעטן און אָפּזאָגן די לעצטע פּאָר גילדן.

פאַרשטייט זיך — די כעלעמער חכמים האָבן געוווּסט, אז אדם הראשון האָט נאָר אויפגעגעסן דאָס עפּעלע פון עץ־הדעת. דער עץ־החיים שטייט נאָך מיט זיינע עפּל נישט קיין גערירטער. און די גרויסע חכמים פון כעלם וועלן זיך אויך אַמאָל דערוואַרטן זייער שעה.

מען ווינט טאקע אין די שיינע הייזער און מען עסט די שיינע אָנ־בייסנס און וועטשערעס. סוף־כל־סוף וועלן אַמאָל קומען די הונדערט און צוואנציק יאָר. דער מלאך־המות וועט קומען נאָך דאָס זייניקע.

מוז מען דאָך האָבן ווו קובר צו זיין, מען קאָן דאָך אַ מת־טהור נישט לאָזן גלאַט אזוי ליגן אינדרויסן.

האָט מען, ווי געוויינטלעך, גערופן אַן אסיפה. מען איז געזעסן און געטראכט זיבן טעג און זיבן נעכט. לסוף האָט דער קלוגער פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, געגעבן דעם גרויסן קלאַפּ אין טיש אַריין און געזאָגט, אז וואָס איז דאָ לאַנג צו טענהן? מען מוז מאַכן אַ כעלעמער בית הקברות.

די עצה איז אַלעמען ווויל געפעלן געוואָרן. כעלעמער חכמים האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט גענוג אָפּלויבן פון זייער פּרנס־חודש.

געזאָגט — געטון. ר׳ יוסף לאָקש, ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש און נאָך עטלעכע שיינע כעלעמער חכמים זענען אַרויסגעגאנגען אויפן הינטער־שטאָט. דאָרט זענען געלעגן די גויאישע פעלדער. זיי האָבן געזוכט און געזוכט צווישן די פעלדער און ענדלעך אלע אין איין קול אַרויסגעזאָגט:

— פּה תקבר. — דאָ וועט מען באגראָבן די כעלעמער חכמים, ווען עס וועלן בלע המות לנצח — דערגרייכן זייערע הונדערט און צוואנציק יאָר.

מיט אַ בית־החיים טאָר מען זיך נישט פּרייען. פונדעסטוועגן האָט זיך כעלם געפרייט: מען וועט האָבן ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ, ווען מען וועט האלטן נאָכן לעצטן בלעטל.

כעלעמער חברה־קדישא האָט לכבוד די געשעענישן געקליבן א נייעם גבאי און געמאַכט אַ סעודה, אַז מען געדענקט זי נאָך. אַ סעודה גדולה מיט געננדזנס, מיט פיש, מיט צימעס און מיט קישקע. פון משקה איז שוין אָפּגערעדט.

אַז די גרויסע שמחה איז פאַרבייגעגאַנגען און די שכורע חברה־קדישא־לייט האָבן זיך אויסגעניכטערט אין די כעלעמער רינשטאָקן און מען האָט זיך אַ נעם געטון צו פּשוטע זאַכן, איז מען ווידער געבליבן אָן קאָפּ:

ווי גרויס דאַרף זיין דאָס הייליקע פעלד?

מען האָט געטראכט זיבן טעג און זיבן נעכט. און צו טראַכטן איז

געווען וואָס, ווייל וואָס שייך חכמה זענען טאקע אלע כעלעמער חכמים איינער צום אַנדערן כמעט גלייך אויפן קווינט. אָבער וואָס שייך גוף? איבער הונדערט און צוואנציק יאָר וועט מען באגראָבן דעם גוף און נישט די חכמה. דאָ האָט מען געטון א קוק און געזען: איין כעלעמער חכם איז נישט גלייך צום אַנדערן. איינער איז געוואקסן גרויס און איז קיין עין־הרע אַן אָסאָבע, און דער אַנדערער איז קליין ווי אַ גרוגרת דר׳ צדוק. איינער האָט אַ נגידיש בייכל און אַ פּאָר פּלייצעס און איינער איז גאָר אַ שמויגער און דאַר ווי אַ שטעקן. היינט ווו זענען ווייבער און קינדער? מען האָט געזען, אַז יעדער כעלעמער באַדאַרף אַן אַנדערע מאָט אויף אַ קבר. עס איז אַ חשבון, וואָס אַפילו אַזאַ רעכנמייסטער ווי דער פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, בלייבט דערביי שטיין ווי א לעמעשקע און ווייסט נישט ווו אויס און ווו איין.

## קאַפּיטל צוויי

רעכן היינט, רעכן מאָרגן. — ר׳ געצל גדליה דער זאַאיקע גיט די קלוגע עצה און חוזק פּויקט צוזאַמען דעם עולם

מען איז געזעסן און גערעכנט און באַשריבן אַלע כעלעמער טישן מיט קרייד. דער פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, האָט ביינאַכט נישט צוגעטון קיין אויג. ער איז געזעסן ביי אַ נאַפּט־לעמפּל און געחשבונט אַלערליי תשבורתן. ער האָט נאָכגעקוקט אין ספר „שבילי עולם" און אין ספר „אי״לום". רעכן היינט, רעכן מאָרגן — מען קאָן נישט אַרויס אויפן טאָלק.

האָט מען ווידער גערופן אַן אסיפה. די כעלעמער חכמים זענען געקומען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ: ס׳טייטש! עס איז דאָך אויס וועלט ווען אַזעלכע וועלט־חכמים זאָלן נישט געפינען קיין עצה! ר׳ יוסף לאָקש איז געזעסן אויבנאָן און זיך געקראַצט ביי דער באָרד. אויף די חברה־קדישא־לייט האָט מען שוין נישט דערקאָנט די סעודה. זיי זענען געווען בלאַס ווי דער טויט.

פּלוצים האָט זיך אָנגערופן דער קנאַפּסטער פון די כעלעמער חכמים, — ר׳ געצל גדליה דער זאַאיקער, וואָס מוז אַרבעטן עבודת־הפּרך איידער ער קאָן אַרויסשטאַמלען זיין אייגענעם נאָמען.

ר׳ געצל גדליה האָט געגעבן אַ שאַרפן קלאַפּ אין טיש אַריין. דערנאָך האָט ער לאַנג געשטאַמלט און ענדלעך פון זיך אַרויסבאַקומען:

— רבותי, איך... איך... איך האָב עס!

באין ברירה האָבן די כעלעמער חכמים געמוזט אויסדרייען די גרויסע שטערנס צום זאַאיקע. דער פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, האָט געפרעגט:

— דהיינו, וואָס האָט איר, ר׳ געצל גדליה?

ר׳ געצל גדליה איז בפני כל עם ועדה אַרויס מיט זיין פּלאַן.

עס רעדט זיך אַזוי — ער איז אַרויס. ר׳ געצל גדליה האָט זיך פּאַר־



„דהיינו, וואָס האָט איר, ר׳ געצל גדליהו?!“

האַקט, זאַאיקעט, געדרייט מיט די אויגן, מיט דער צונג און מיטן גאַנצן לייב און לעבן. ער האָט זיך נעבעך געמוזט גוט אָנשטאַמלען ביז ער האָט ענדלעך אַרויסגעלייגט אויפן טעלערל וואָס ער טראַכט און וואָס ער וויל. עס איז אָבער געווען ווערט צו הערן. כעלם האָט זיך געהאַט וואָס איינ־צורעדן אפילו אויפן קנאַפסטן חכם.

דער פּלאַן איז געווען אַזאַ:

— גאַנץ כעלם, פון קליין ביז גרויס, אנשים, נשים וטף, זאָלן אַרויס־גיין הינטער דער שטאָט אויפן פעלד, וואָס ר׳ יוסף לאָקש דער פּרנס־חודש האָט אויסגעקליבן פאַר אַ בית־החיים. בגזירת חרם טאָר קיינער נישט בלייבן אין דער היים. קראַנקע און יולדתן זאָל מען אַרויסטראָגן אויף די בעטן. ווען גאַנץ שטעטל וועט שוין זיין אינדרויסן אויפן פעלד, זאָל זיך יעדער איינער אַוועקלייגן אויף דער ערד ווי גרויס ער איז. פאַרשטייט זיך, נישט אַלע צוזאַמען, נאָר לויטן יחוס און לויטן פאַרמעגן. מען קאָן נישט פאַרלאַנגען, אַז אַ גביר זאָל וועלן זיך לאָזן באַגראָבן לעבן אַ שלע־פער. און פאַרשטייט זיך, אַז באַזונדער נשים און באַזונדער נפהלעך. טאָמער, חלילה, האָט אַ כעלעמער אין זינען צו זיין א מאבד עצמו לדעת, זאָל ער זיך אַוועקלייגן הינטערן פּלויט. ווען אַלע וועלן שוין ליגן אויף זייערע ערטער — וועט ר׳ יוסף לאָקש דער פּרנס־חודש, ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש און די ראשי־הקהל אַרומגיין מיט אַ שניידערישער מאָס איבערן פעלד און ביי יעדן כעלעמער תושב נעמען די ריכטיקע מאָס וויפל ער באַדאַרף אויף אַ קבר אין דער לענג און אין דער ברייט. אַזוי אַרום וועלן מיר וויסן אויף דער האָר ווי גרויס עס דאַרף צו זיין דאָס כע־לעמער בית־עלמין.

די כעלעמער אסיפה האָט זיך גאָר נישט געקאָנט אָפּלויבן פון דעם קלוגן פּלאַן. מען האָט דעם זאַאיקע, ר׳ געצל גדליה, געווינטשעוועט. ער האָט געפרייכט ווי אַ גאַנדז און איז געווען באַגאָסן מיט שווייס פון דער גרויסער פּראַצע. פאַר אים איז עס נישט געווען קיין ווערטעלע אָפּצו־שטאַמלען אַזאַ באַריכותדיקע דרשה. איצטער האָט ער געהאַט הנאה, וואָס ער איז עס בשלום אַדורכגעקומען און נאָך געקריגן פון אַלעמען קאָמפּלי־מענטן. אין האַרצן האָט ער געטראַכט: ווען מיר וועלן עס דערלעבן אם

ירצה השם שמחת־תורה, ווען מען קלייבט נייע גבאים, אפשר וועט קהל אין מיר, געצל גדליה, אויך נישט פאַרגעסן?

ר׳ יוסף לאָקש איז געווען אויפן זיבעטן הימל און געזאָגט צו די ראשי־הקהל וואָס זענען צוזאַמען מיט אים געזעסן אויבנאָן: די כעלעמער חכמה איז געגליכן צו אַ ברונעם אָן אַ דנאָ. מען שעפּט און מען שעפּט און מען האָט עס נאָך נישט דערגרונטעוועט.

מען האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און אַרויסגעשיקט אויפן מאַרק חוזקן דעם כעלעמער שטאָט־נאַר. (פון חוזקן וועט נאָך אונדז אויסקומען שפּעטער צו דערציילן). אויב מיר זאָגן חוזק דער שטאָט־נאַר, איז עס נאָר אין פאַרגלייך צו כעלעמער חכמה. אין אַן אַנדער שטאָט וואָלט חוזק אוודאי געווען דער שטאָט־חכם.

נישט דאָס זענען מיר דערווייל אויסן.

חוזק האָט זיך אָנגעטון דעם גרויסן קאַשקעט מיטן ברייטן לעדער־נעם דאַשעק און האָט גענומען אַ גרויסן לאַמטערן אין דער האַנט אַריין. עס איז טאַקע ערשט געווען סאַמע אינמיטן צוועלף בייטאָג, אָבער חוזק האָט אַריינגעשטעלט אין דער לאַמטערנע אַ גרויס ברענענדיק ליכט, כדי עולם זאָל זען,אַז ער גייט דאָ מיט אַ וואַזשנער שליחות. ער האָט אויף זיך אַרויפגעהאָנגען די גרויסע קעסלפויק, וואָס ער האָט אויסגעבאָרגט ביי כעלעמער קלעזמאָרים. אין אַזאַ מעמד האָט זיך חוזק דער שטאָט־נאַר אַוועקגעשטעלט אויפן מיטן מאַרק האַרט ביים שטאָט־ברונעם און אָנגע־הויבן צו פויקן מיטביידע ידים.

חוזקס פּויקעריי האָט מען געהערט איבערן גאַנצן שטעטל. מען האָט אויפגעעפנט טירן און פענצטער און געזען ווי דער שטאָט־נאַר שטייט מיט אַן אָנגעצונדענער לאַמטערנע צוועלף בייטאָג אינמיטן מאַרק און פּויקט.

ווי אַלע וועלט־חכמים זענען כעלעמער יידן טשיקאַווע אלצדינג צו וויסן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט. אנשים, נשים וטף האָבן זיך גע־זאַמלט אויפן מאַרק אַרום חוזקן.

חוזק האָט נישט אויפגעהערט צו פּויקן. ווען ער האָט געזען, אַז גאַנץ כעלעם שטייט שוין אינדרויסן, האָט ער זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטיין און געשריגן:

— בפקודת הרב דמתא ובפקודת ר׳ יוסף לאָקש ובפקודת די ראשי־הקהל, זאָל גאַנץ כעלם אַרויסגיין אויפן פעלד, ווו עס וועט אם ירצה השם זיין דאָס גוטע אָרט.

כעלעמער יידן האָבן געוווסט, אַז זיי האָבן זיך אויף וועמען צו פאַר־לאָזן. אויב די ראשי־הקהל האָט אַרויסגעשיקט חוזקן מיט דער פויק אין אים געהייסן צוזאמענפויקן גאנץ קהל און געהייסן אלעמען אַרויסגיין אויפן אָנגעגרייטן בית־הקברות — מן־הסתם ווייסט די מזרח־וואנט וואָס זי טוט.

מען האָט געפאָלגט ווי די לעמעלעך. כאיש אחד איז שטאָט אַרויס אויפן פעלד.

דאָרט איז שוין געשטאַנען ר׳ יוסף לאָקש מיט אַלע גבאים. זיי זענען געווען שטאַרק פאַריאַכמערט. צו ר׳ געצל גדליהן דעם זאַאיקע איז גאָר נישט געווען צו רעדן. ער האָט געמאכט מיט די הענט, מיט די פיס, מיט די אויגן און מיט דער צונג און מיט אַלע רמ״ח אברים. דאָס מויל האָט אים געשפריצט מיט שפייעכץ און ער האָט נאָר געוואָלט רעדן. קיי־נער האָט נישט געוווסט וואָס ער וויל זאָגן. ס׳איז נישט געווען קיין צייט צו וואַרטן און צו קוקן ר׳ געצל גדליהן אין מויל אריין ביז ער וועט ענדלעך פון דאָרט אַרויסבאקומען וואָס ער וויל.

די כעלעמער שניידערוקעס זענען אלע געשטאַנען מיט זייערע פאַ־פירענע מאָסן און מיטן שניידערישן קרייד אין די הענט גרייט צו מעסטן און צו פאַרשרייבן.

כעלעמער קהל האָט זיך אויסגעלייגט אויפן בית־הקברות כפי מען האָט געהייסן. די שניידערוקעס האָבן יעדן איינעם אויסגעמאָסטן אין דער לענג און אין דער ברייט וויפל ער דאַרף האָבן אויף אַ קבר. מען האָט אלצדינג פאַרשריבן אויפן פונקט. און ר׳ יוסף לאָקש איז שוין געשטאַנען און געחשבונט.

ווען ר׳ יוסף איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע חשבונות, האָט מען אָפגעמאָסטן דאָס פעלד וויפל מען באַדאַרף דערפון אויף אַ בית־עלמין. דאָס בית־עלמין האָט מען אַרומגעצוימט מיט אַ גדר. אויפן גדר האָט מען צוגעקלעפט אַ צעטעלע: „בלע המות לנצח״.

קהל איז אַהיימגעגאנגען בשמחהט, וואָס איבער הונדערט און צוואנציק יאָר וועט יעדער איינער האָבן ווו דעם קאָפּ אוועקצולייגן. חברה־קדישא

האָט פונדאַסניי געמאכט די גרויסע סעודה. שמחת־תורה האָט מען ר׳ געצל גדליהן דעם זאַאיקע אויסגעקליבן פאַר גבאי. כמנהג, ווי עס פירט זיך אין יידישע שטעטלעך, האָט מען דעם נייעם גבאי געמאַכט די גרויסע מישקאנטע, און טאקע נאָך אין דעם אייגענעם שמחת־תורה.

***

ווי מיר ווייסן, טוען מענטשן זייער קלוג, וואָס זיי פּאַסן צו אַלע זייערע מעשים צו דער חכמה פון די כעלעמער חכמים. האָבן זיי אויך פון דער דאָזיקער מעשה ארויסגענומען — לדורות — דעם פאָלגנדיקן מוסר־השכל.

נומער איינס: די וועלט זאָל מען מעסטן נייערט לויט די ד׳אמות וואָס עס פארנעמט א מענטשלעכער גוף.

נומער צוויי: אַז מען וויל ווערן אַ גבאי זאָל מען נאָר אַביסעלע צו־וואַרטן. נישקשה, מען וועט זיך דערוואַרטן. והראיה: דער זאַאיקע ר׳ געצל גדליה.

# פינפטע מעשה

ר׳ יוסף לאָקש טוט אָפּ די לבנה אויף טערקיש

## קאַפּיטל איינס

ר׳ מנשה גייט אין אַ לבנה־נאַכט, זעט ווונדער און לויפט צו
ר׳ יוסף לאָקש

ביידוע האָט עס געדויערט הונדערטער יאָרן ביז שטאָטישע מענטשן האָבן זיך דערטראַכט: הלמאי טאַקע, ווען עס רעגנט, דאַרפן מיר אַרומטאָפּטשען אין בלאָטעס? האָבן זיי גענומען און אויסגעברוקירט זייערע גאַסן מיט שטיינער. עס איז, דאַכט זיך, אַ פּשוטער שׂכל. מענטשן האָבן געמיינט, אז זיי האָבן דערמיט געטון די גרעסטע חכמה אין דער וועלט און עס קומט זיי דערפאַר אַ קניפּ אין בעקל.

כעלעמער חכמים האָבן ווויל געוווּסט, אז אלע נייעסן ברענגען נישט צו קיין גוטס. אויב די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן מיט בלאָטעס — מן־הסתם ווייסט גאָט וואָס ער טוט. האָט מען דעריבער געמאַכט אין כעלם אַ חרם נישט צו ברוקירן די גאַסן. זאָל כעלם אויסקוקן ווי אין ששת ימי בראשית! כעלעמער חכמים האָבן געוווּסט: ביי איר באַשאַפונג איז די וועלט געווען זייער אַ קלוגע. זי האָט זיך נאָר שפּעטער באַנאַרישט. האָבן די כעלעמער געוואָלט בלייבן ביי דער אַלטער קלוגער וועלט און ביי אירע בלאָטעס.

יידישע שטעטלעך אין פּוילן האָבן דערמיט אויך נאָכגעטון כעלם און זענען געבליבן ביי זייערע בלאָטעס עד היום הזה.

איז אָבער אַזוי — בייטאָג ווען די זון שיינט, איז נאָך אַ האלבע צרה. מען זוכט אויס די פלאַכערע ערטער און מען טאָפּטשעט אַדורך. באין־ברירה הייבט מען אויף די פּאָלעס און מען שפּרינגט איבער שטיינער. אין לבנה־נעכט גיט מען זיך אויך אַן עצה. כעלעמער האָבן געקאָנט זייערע בלאָטעס ווי אַ בייזן שילינגער און זיך אין זיי אויסגעפונען. אַבי עס איז נאָר געווען אַ קאפּיטשקע ליכטיק.

ס׳האָבן זיך אָבער געמאַכט אויך פּינצטערע נעכט. צי ווייל די לבנה האָט זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן, צי ס׳איז איר אויסגעגאַנגען דאָס ביסל נאַפט? אָדער זי האָט זיך סתּם געפּוילט אַ קוק צו טון אויף די כעלעמער דעכער — וואָס איז די נפקא מינה? עס איז געוואָרן ביטער. מען האָט זיך ממש פאַרבלאָנדזשעט אין די כעלעמער בלאָטעס ווי אין אַ פּינצטערן כּף־הקלע.

מאַכט זיך אַ מעשה: אַמאָל אין אַ ליכטיקער לבנה־נאַכט האָט איינער אַ כעלעמער חכם אַרויסגעשטעלט אינדרויסן אַ גרויס פאַס מיט וואַסער. צו וואָס האָט ער עס געטון? וועגן דעם שרייבט נישט דער כעלעמער פּינקס.

עס איז געווען שפּעט אין דער נאַכט. כעלם, אירע דעכער, ווי אויך איר שיינער באַרג האָבן געגלאַנצט אין דער לבנה־נאַכט ווי אין אַ זיל־בערנעם אור־הגנוז.

ס׳איז געווען חצות און כעלם איז געשמאַק געשלאָפן. ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש גייט פאַרביי דעם פאַס וואַסער. וואָס איז ער דאָרט פאַר־בייגעגאַנגען אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? אויך וועגן דעם שרייבט נישט דער פּינקס. גענוג — ר׳ מנשה טוט אַ קוק אַריין אין פאַס וואַסער, און ער גלייבט נישט די אייגענע אויגן. די לבנה ליגט אינעווייניק אינעם פאַס וואַסער און לייכט פון דאָרט אַרויס מיט אַזאַ ליבלעכקייט — כאָטש שפּרינג איר אַקעגן און זיי זי מחדש.

אין דער ערשטער רגע האָט ר׳ מנשה נישט געוווסט וואָס צו טון און וואָס צו טראַכטן. נאָר שווייגן טאָר מען נישט. הגם כעלם שלאָפט, מוז מען תּיכף ומיד לויפן און וועקן דעם פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, און אים דערציילן דאָס וווּנדערלעכע געשעעניש.

ר׳ מנשה איז געלאָפן און שטאַרק אָנגעקלאַפּט אין ר׳ יוספס לאָדן.

דער פּרנס־חודש, ר׳יוסף לאָקש, איז שוין געלעגן פאַרגראָבן אין דער פּערענע און געשנאָרכט. האשה מרת שאָשע האָט די ערשטע גע־הערט, אַז מען קלאַפּט אין לאָדן. איז זי אַראָפּגעקראָכן פון בעט, געעפנט דעם לאָדן און אַרויסגעשטעקט אין דער נאַכט אַריין איר קאָפּ מיט דער גרויסער שלאָף־קופּקע. אַזוי ווי עס איז געווען אַ שיינע לבנה־נאַכט, האָט

זי באַלד דערזען ר׳ מנשהן דעם בית־דין־שמש, וואָס איז געשטאַנען מיט זיין גרויסן שמשן שטעקן הינטערן פענצטער.

— וואָס איז געשען, ר׳ מנשה? — האָט מרת שאָשע געפרעגט אַ דערשראָקענע.

— נסים זענען געשען אין כעלם — האָט ר׳ מנשה געזאָגט אָן אָטעם — די לבנה איז אַריינגעקראָכן אין אַ פאַס מיט וואסער! איר מוזט תיכף וועקן ר׳ יוספן, אז ער זאָל גיין און אַ קוק טון.

תחילת האָט מרת שאָשע נישט פאַרשטאַנען, וואָס ר׳ מנשה זאָגט. זי האָט אָבער געוווסט, אז אַ כעלעמער חכם איז זיך נישט טועה און רעדט נישט אומזיסט. אויב עס איז געשען וונדער אין שטעטל, מוז מען, פאַרשטייט זיך, רופן דעם פרנס־חודש. האָט זי, די מרת שאָשע, געענט־פערט: באַלד ר׳ מנשה! און איז געגאנגען וועקן ר׳ יוספן.

ר׳ יוספן צו דערוועקן פון שלאָף איז נישט געווען פון די לייכטע זאכן. ער איז געשלאָפן מיט גרויס אַפעטיט. נאָר מרת שאָשע האָט אים פאָרט דערוועקט. עס האָט געדויערט ביז ר׳ יוסף איז געקומען צו זיך און איז פאמעלעכל געוואָרן וואך. שאָשע האָט אים דערציילט וואָס ר׳ מנשה זאָגט און אַז ער שטייט און וואַרט הינטערן פענצטער.

ר׳ יוסף לאָקש האָט אויף גיך געכאפּט דעם וואטאָוון שלאָפראָק און די שטעק־לאטשן און איז צוגעגאנגען צום פענצטער.

— ר׳ יוסף! — האָט ר׳ מנשה געזאָגט פון דרויסן — חצות ביינאכט איז די לבנה אַריינגעקראָכן אין פאַס און זי לייכט פון דאָרט אַרויס. איר מוזט גיין אַ קוק טון, ר׳ יוספשי, און גיט אַ טראַכט וואָס מיט איר צו טון, מיט דער לבנה, מיין איך.

— אָט גיי איך — האָט ר׳ יוסף לאָקש געענטפערט. אין וואטאָוון שלאָפראָק און אין די שטעק־לאטשן איז ער אַרויסגעגאנגען אין ביינאכ־טיקן אינדרויסן צו ר׳ מנשהן, דעם בית־דין־שמש.

## קאַפּיטל צוויי

די לבנה טרינקט וואַסער און ר׳ יוסף לאָקש וויל איר אָפּטון
אויף טערקיש

חצות־צייט ביינאַכט איז כעלם געלעגן פּוסט און באַלויכטן מיט לבנה־שייַן. די כעלעמער דעכער האָבן אויסגעקוקט ווי אין אַ צעפּלאָסענעם זילבער. די ביימער, וואָס זענען דאָ און דאָרט געוואַקסן צווישן יידישע הייזלעך, זענען אויך געווען באַזילבערט מיט לבנה־ליכט און געשטאַנען שטילע ווי זיי וואָלטן געשלאָפן.

אין דער דאָזיקער זילבערנער פּוסטקייט איז ר׳ יוסף לאָקש מיט ר׳ מנשהן געגאַנגען איבער כעלם. זיי האָבן געשוויגן.

ר׳ מנשה האָט ר׳ יוספן אַריינגעפירט אין אַ זייטיק געסל.

דאָרט איז לעבן אַ סטאָדאָלע געשטאַנען אַ גרויס פאַס מיט וואַסער. ר׳ יוסף לאָקש טוט אַ קוק אַריין: די לבנה שיינט אים אַרויס פון פולן וואַסער־פאַס.

— וואָס זאָגט איר דערצו, ר׳ יוספשי? — האָט ר׳ מנשה איבערגע־ריסן די שטילקייט.

ר׳ יוסף לאָקש האָט נישט געענטפערט רק אַריינגעקוקט אין פאַס וואַסער. דאָס פולע פּנים פון דער לבנה האָט אים פון אינעווייניק אקעגנ־געשמייכלט: ער האָט געשוויגן — און נישט בחינם. ר׳ יוספס חריפות האָט באַלד אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט דער גאַנצער פאַרע.

ער האָט אַוועקגערופן ר׳ מנשהן אין דער זייט, ווי אויף אַ סוד, און האָט געגעבן אַ קנאַק מיט צוויי פינגער.

— אויב די לבנה איז יאָ אַזאַ לעקיש — האָט ר׳ יוסף געזאָגט — און קריכט אַריין אין כעלעמער פאַס, וועלן מיר איר אָפּטון אויף טערקיש. מיר וועלן, בעזרת השם, האָבן די לבנה אַ גאַנצן חודש. — לויפט ר׳ מנשה, תיכף ומיד נאָך חוזקן און זאָל ער אַהערקומען מיט א ברעט. מיר וועלן די לבנה האלטן אין פאַס און זי נישט אַרויסלאָזן. אם ירצה השם, ווען עס וועט ווערן פינצטער, וועלן מיר די לבנה אַרויסנעמען פון פאַס און זי אויפהענגען איבער כעלם און עס וועט זיין אַ גאַנצן חודש ליכטיק.



„וואָס זאָגט איר דערצו, ר׳ יוספשי?“

## קאַפּיטל דריי

### חוזק קומט מיט אַ ברעט

א פּרנס־חודש מוז אַ בית־דין־שמש פּאָלגן און נאָך דערצו, ווען ער האָט אַזעלכע קלוגע איינפאַלן. די לבנה איז טאַקע אַ לעקיש, אויב זי קריכט צו כעלעמער חכמים אין די פעסער — האָט ר׳ מנשה ביי זיך גע־טראכט — און הענדום־פענדום געלאָפן ברענגען הוזקן דעם נאַר. ר׳ מנשה האָט געוווסט, אז אין די זומער־חדשים שלאָפט חוזק ביים שטאָט־ברונעם.

חוזק איז טאקע דאָרט געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד מיט אן עמער צוקאָפּנס און האָט הויך געכראָפּעט.

קוים וואָס ר׳ מנשה האָט אים דערוועקט.

חוזק, דער שטאָט־נאר, האָט אויפגעמאכט די אויגן און האָט זיך מיטביידע הענט געקראַצט דעם קאָפּ. ער טוט אַ קוק: עס שטייט פאר אים ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש.

— נעם שוין, חוזקשי, אַ ברעט און קום מיט מיר געשווינד — האָט ר׳ מנשה געזאָגט — ר׳ יוסף לאָקש ווארט אויף אונדז און ס׳איז נישטאָ קיין צייט צו באלאמוטשען. קהל וועט דיר דערפאַר געבן אַ האַרטן גראָשן און אַ גלעזל בראָנפן.

חוזק איז, ווי יעדער שטאָט־נאַר, געוווינט געווען נישט צו פרעגן קיין קשיות. האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגענעצט. ביים שטאָט־ברונעם זענען תמיד געלעגן ברעטער. האָט חוזק גענומען אַ ברעט און צוזאמען מיט ר׳ מנשהן אוועקגעגאַנגען אין די פּיסטע באַלבנהטע כעלע־מער גאַסן.

# קאַפּיטל פיר

ר׳ יוסף כאַפּט די לעמעשקע

ביים פאַס וואַסער איז ר׳ יוסף לאָקש געשטאַנען אין איין ציטערניש. איידער וואָס־און־ווען קאָן זיך די לבנה מיישב זיין, אַרויסקריכן פון פּאַס אין ווייזן כעלם די גרויסע פייג. דאַנקען גאָט די לבנה האָט נישט געוווסט וואָס ר׳ יוסף טראַכט וועגן איר, און אַז ער וויל זי כאַפּן און נישט אַרויסלאָזן מער פון פאַס. ווי אַן אמתע לעמעשקע האָט זי מיט גרויס תמימות אַרויסגעקוקט צו ר׳ יוספן און נישט געוווסט צו זאָגן פון איר פּופּיק.

פון דערווייטנס, אין דער ליכטיקער גאַס, האָט ר׳ יוסף לאָקש געזען, ווי ר׳ מנשה קומט אָן מיט חוזקן און חוזק טראָגט אַ ברעט. ער האָט צו זיי געמאַכט מיט די הענט, אַז זיי זאָלן למען־השם גיין שטילער, נישט מאַכן קיין גערודער און נישט אַרויסיאָגן די לבנה פונעם פאַס וואַסער. מחמת, ווען די לבנה וועט הערן, אז מען גייט און מען טראָגט אַ ברעט קאָן איר חלילה אמאָל איינפאלן, אַז כעלם גייט איר אָפּטון אויף טערקיש.

ר׳ מנשה מיט חוזקן האָבן טאַקע אָנגעהויבן צו גיין אויף די נעגל. זיי האָבן זיך ווי צוגעגנבעט צום פאס, ווו ר׳ יוסף לאָקש איז געשטאַנען און די האָר האָבן אים געברענט אויפן קאָפּ: טאָמער חלילה דערשמעקט די לבנה, וואָס דאָ גרייט זיך און מאַכט אַ ויברח. אַלע דריי כעלעמער חכמים האָבן מיט גרויס הנאה נאָכאַמאָל אַריינגעקוקט אין פאַס אַריין.

די לבנה האָט אַרויסגעשמייכלט פון פאַס צו די דריי כעלעמער יידן.

דאָ האָט ר׳ יוסף לאָקש געטון אַ ווונק חוזקן. חוזק האָט אויף אינדער־געשווינד, מיט אַלע כוחות, אַ זעץ אַרויף געטון דאָס ברעט אויפן פאַס מיט וואַסער. ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך געריבן אין די הענט און א געשריי געטון אין דער כעלעמער נאַכט אַריין:



„מיר האָבן זי די לעמעשקע“

— מיר האָבן זי, די לעמעשקע! אויס חשכות אין כעלם! — ווען עס וועלן ווערן די פינצטערע נעכט, וועלן מיר אַרויסנעמען די לבנה פֿון פאַס און זי אויפהענגען אויף אַ בוים. יהי אור! עס וועט זיין כסדר ליכטיק אין כעלם! ווער עס וועט וועלן די לבנה מחדש זיין אין סוף חודש — איז אדרבא.

## קאַפּיטל פינף

די דריי כעלעמער חכמים גייען אַהיים

נאָך דעם גרויסן פּאנג זענען די דריי יידן צוריק אַהיימגעגאַנגען. חוזק איז געגאנגען שלאָפן ביים שטאָט־ברונעם. ר׳ מנשה איז אהיימגעגאנגען אין זיין דירה לעבן דער ווייבער־שול. דער פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, איז אַהיימגעגאנגען אויסשלאָפן די רעשט נאַכט.

נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז געגאנגען אין וואַטאָוון שלאָפראָק און אין די שטעק־לאטשן, איז ר׳ יוסף לאָקש ביי זיך געווען אין גרויס גדלות. ער האָט זיך שטאַרק געאיילט צו דערציילן דער מרת שאָשע, וואָס ער האָט אויפגעטון פאַר כעלם.

## קאַפּיטל זעקס

חוזק איז אַנטשלאָפן געוואָרן און אַן אַנדער שטעטל מיט יידן האָט פאַרגעסן דעם „לא תגנוב"

צומאָרגנס כאור, ווען די הענער האָבן זיך נאָר־וואָס געהאַט אויסגע־קרייעט, האָט ר׳ יוסף לאָקש צוזאַמענגערופן אַן אַסיפה פון די ראשי־הקהל און זיי דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט היינטיקע נאַכט, און אַז כעלם האָט גענומען געפאַנגען די לבנה אין אַ פאַס מיט וואַסער. מען וועט נישט מער טאָפּטשען אין די פינצטערנישן. דערביי האָט ער נישט פאַר־געסן צו דערמאָנען, אַז קהל זאָל געבן דעם שטאָט־נאַר, חוזקן, אַ האַרטן גראָשן און אַ גלעזל בראָנפן, כפי עס האָט אים צוגעזאָגט ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש.

אינמיטן דער אסיפה האָט ר׳ יוסף לאָקש פאָרגעלייגט, די ראשי־הקהל זאָלן גיין אַלע צוזאַמען און מיט די אייגענע אויגן אָנקוקן דאָס צוגעדעקטע פאַס, אין וועלכן מען האָט אַריינגעכאַפּט די לבנה.

קהל איז געגאַנגען, געקוקט און געשאָקלט מיט די קעפּ פון גרויס התפעלות.

ווי מיר ווייסן, האָט כעלם געהאַט אַ זאַאיקען, ר׳ געצל גדליה, וואָס שטאַמלט כסדר אַרויס עצות טובות. דאָס מאָל האָט ר׳ געצל גדליה געעצהט מען זאָל אַוועקשטעלן חוזקן ביים פאַס און זאָל ער עס היטן, כדי אַן אַנ־דער שטעטל זאָל נישט קומען ביינאַכט און נישט אַרויסגנבענען די כע־לעמער לבנה, ובשכר זה זאָל מען אים געבן אַ גראָשן און נאָך אַ גלעזל בראָנפן.

וכך הוה.

*
**

עס איז געקומען סוף חודש און עס איז געוואָרן פינצטער אין כעלם. גאנץ קהל איז מיט לאמטערנעס אין די הענט געגאנגען צום צוגעדעקטן פאַס, אַרויסצונעמען די געכאפּטע לבנה און זי אויפצוהענגען אויף אַ בוים.

מען טוט אַן עפן דאָס פאַס און אַלעמען ווערט פינצטער אין די אויגן. נישטאָ די לבנה.

מען האָט חושד געווען חוזקן, אז מחמת די צוויי גלעזלעך בראָנפן, איז ער שטאַרק אַנטשלאָפן געוואָרן. אַן אַנדער שטעטל מיט יידן איז דער־ווייל געקומען און אַרויסגעגנבעט פון פאַס די כעלעמער לבנה.

הענדום־פּענדום זענען אַלע כעלעמער חכמים מיט לאמטערנעס אין די הענט אַרויסגעלאָפן אויף די וועגן, טאָמער וועט זיי נאָך געראָטן צו כאַפּן די גנבים און צוריקצוברענגען די ליכטיקע לבנה קיין כעלם.

⁂

פון דעמאָלט אָן ווילן מענטשן קליגער זיין ווי די כעלעמער חכמים און זיי פּרווון כסדר צו כאַפּן די וועלט־ליכטיקייט אין אַ פאַס אַריין. אומ־זיסטע טירחה! אויב עס איז נישט געראָטן די כעלעמער חכמים, וועט עס שוין קיינעם נישט געראָטן.



# קאַפּיטל איינס

## ר׳ קיווע בלאָז דער לאַקירדע

דעולם האָט דער פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, געהאַט פּעסט בדעה, אַז אפילו ווען ער וועט לעבן מתושלחס יאָרן, וועט ער זיך אויך נישט אַרויסרירן פון כעלם. ער איז גאָרנישט געווען זשעדנע אַ קוק צו טון אויף אַנדערע שטעט. און טאקע צו וואָס? ר׳ יוסף האָט געוווסט אויף זי־כער, אז כעלם איז די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט. וואָס וועט ער דאָ לויפן און קוקן אויף די שטעט, ווו עס ווינען די נאַראָנים?

קיינער קאָן אָבער נישט פאָראויס וויסן, וואָס עס איז אים באַשערט. דאַכט זיך, ווען עמעצער זאָל אמאָל כאַפּן און אַ זאָג טון: שאַ, ר׳ יוספשי, אַמאָל אין א שיינעם זומער־טאָג וועט איר נעמען די רגלים אין די הענט אַריין און זיך לאָזן אַ קוק טון אויף וואַרשע! ר׳ יסף לאָקש וואָלט געלאכט אין די פויסטן אַריין פון דעם מאָדנעם איינפאַל.

דאָס רעדעלע פון דער וועלט דרייט זיך און נישט אַלע מאָל ווי מיר ווילן — און ר׳ יוסף האָט זיך פאָרט געלאָזט אין וועג אַריין, כדי אָנצוקוקן וואַרשע.

אַזוי ווי מיר, דער מחבר אַליין, הייסט עס, האָט אַ ווייטן קרוב אַ כעלעמער, איז ער — נאָכאמאָל דער מחבר הייסט עס — אַ שטיקל שמעל־קע מיט כעלם, און האָט דעריבער אַ טבע צו טון יעדע זאך פּאַוואָליע. וועלן מיר זיך נישט איילן מיט דער דאָזיקער טשיקאַווער מעשה און דערציילן פאַמעלעכל, ווי אַזוי קומט טאַקע, אַז דער קלוגער ר׳ יוסף לאָקש זאָל זיך לאָזן איבעררעדן און גיין קיין וואַרשע?

די מעשה פון דער געשיכטע איז אַזוי:

לעבן ר׳ יוסף לאָקשן איז אין כעלם געווען נאָך אַ פּרנס־חודש און ער האָט געהייסן ר׳ קיווע בלאָז. דעמאָלט, באלד נאָך ששת ימי בראשית,

האָט מען ביי יידן נאָך נישט געהאַט געוווסט פון פאַמיליע־נעמען. מען האָט אַ ייד צוגעטשעפּעט נאָך אַ נאָמען, נייערט לויט זיינע מעשים און לויט אַ מעשה שהיה.

ר׳ קיווע בלאָז האָט געקריגן זיין נאָמען צוליב זיין געשטעל (פיזיאָ־נאָמיע בלע״ז). ווען מען האָט ר׳ קיווען געזען פונדערווייטנס, האָט מען קודם־כל געזען: עס גייט אַ גרויסע שיטערע פלאַקסענע באָרד מיט גע־וואַלדיק גראָבע וואָנצעס. ווען די באָרד מיט די וואָנצעס זענען צוגעקומען נענטער און מען האָט אָנגעהויבן גוט אין זיי אַריינצוקוקן, האָט מען פאַ־מעלעכל געזען ווי עס קוקן פון איר (פון דער באָרד) אַרויס אַ פּאָר שוואַרצע פייערדיקע אייגעלעך און אַ לענגלעכע און שפּיציקע נאָז. ווען מען האָט אַרונטערגעקוקט הינטער דער באָרד, האָט מען ערשט דערזען דאָס דריבנע גופל פונעם צווייטן כעלעמער פרנס־חודש. טאָמער האָט גע־בלאָזן אַ ווינט, האָט זיך די באָרד צעווייעט אויף אַלע זייטן און מען האָט געמיינט: אָט כאַפּט זי און פליט אַוועק צוזאַמען מיטן פרנס־חודש ר׳ קיווע.

דעריבער האָט מען אים גערופן ר׳ קיווע בלאָז.

נישט געקוקט דערויף וואָס ר׳ קיווע איז געווען אַזאַ דריבנע נפשל און נישט מער ווי אַ צוטשעפּעניש צו דער שיטערער פלאַקסענער באָרד — פונדעסטוועגן איז עס געווען אַ ייד אַ ווילדער עקשן און אַ תקיף בדעתו. אַ ייד אַ לאַקירדע וואָס האָט דווקא ליב געהאַט צו זאָגן נאַכט ווען גאַנץ כעלם האָט געזאָגט טאָג. קיינמאָל האָט ער מיט קיינעם נישט מסכים גע־ווען. איבערצורעדן ר׳ קיווען — איז לייכטער געווען ווי אַוועקצורוקן דעם כעלעמער באַרג. ער איז געווען אַ ייד אַ האַרטע נוס, און אויף דער וועלט זענען נישט געווען די ציין, וואָס זאָלן אָט דעם ר׳ קיווען קאָנען איינבייסן.

אויף אַ כעלעמער אסיפה איז געווען מיט אים צו זינגען און צו זאָגן און מען האָט אַוועקגעלייגט ביי אים די גאַל. דער עיקר איז ער נישט גע־ווען שווה בשווה מיט ר׳ יוסף לאָקשן. תמיד האָט ער אים געזאָגט קאַפּויער.

מיט אַלע כעלעמער און וועגן אַלצדינג אין דער וועלט האָט זיך ר׳ קיווע בלאָז געשפּאַרט. און דער עיקר וועגן חכמת הפּאָליטיקע. אַלע מלכי־ארץ האָט ר׳ קיווע בלאָז געהאַלטן פאַר שמעגעגעס. ער האָט בלויז גע־האַלטן פון דעם תוגר אין סטאַמבול און פון דער שטאָט וואַרשע. ר׳ קיווע איז געווען דער איינציקער כעלעמער וואָס האָט געזאָגט, אַז אין כעלם לאָזט

זיך נאָך נישט אויס די וועלט, אַז די טערקן אין סטאַמבול זענען קליגער ווי די כעלעמער חכמים און אַז וואַרשע איז שענער ווי דער כעלעמער מאַרק.

— והראיה? — האָבן געפרעגט די כעלעמער חכמים, בראש מיט ר׳ יוסף לאָקשן און זיך געביסן ביי די בערד.

— והראיה? — האָט דאָס מיילעכל פון ר׳ קיווע בלאָז אַרויסגעקוויטשעט פון דער גרויסער פלאַקסענער באָרד, — די טערקן האָבן נאָך גרעסערע שטערנס ווי די כעלעמער חכמים, און דאָס פוילישע מלכות וווינט ברוך־השם אין וואַרשע און נישט אין ק״ק כעלם.

## קאַפּיטל צוויי

עס קומט אַן ארץ־ישראל־ייד קיין כעלם און דערציילט פון די טערקן.

אין אַן אַנדער שטעטל וואָלט ביי יידן אוודאי געפּלאַצט דאָס גערולד און זיי וואָלטן אוודאי געטון מיט אַזאַ ר׳ קיווע בלאָז, איך ווייס אַליין נישט וואָס. חכמים אָבער האָבן אַן אייזערן גערולד און זיי איז שווער אַרויסצוברענגען פון די כלים. כעס פּאַסט זיך נישט מיט חכמה. האָט כעלם טאַקע געשוויגן, געליטן פון ר׳ קיווע בלאָז, און עס גענומען פאַר ליב.

ר׳ יוסף לאָקש, דער פּרנס־חודש, איז דאָך אָבער געווען אַ גרויסער בעל־חשבון — און חשבון, ווי מיר ווייסן, האָט צו טון מיט שכל, — האָט ער דווקא געוואָלט דערגיין דעם שכל פאַרוואָס ר׳ קיווע בלאָז האַלט אַזוי שטאַרק פון טערק און פון וואַרשע.

מאַכט זיך אַ מעשה: קיין כעלם איז געקומען אַן ארץ־ישראל־ייד. אַ הויכער דאַרער ייד מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד מיט שפּיצן. ער האָט געטראָגן אַ ווייסן זיידענעם שלאָף־ראָק מיט אַ ברייטן געלן זיידענעם גאַרטל, אַ צעקנייטשטן קירהשן קאַפּעליוש, אַ ווייסע יאַרמלקע וואָס איז אים אַריבערגעקראָכן איבער די גרויסע באַהאָרטע אויערן. דער ייד איז געגאַנגען מיט אַ לאַנגן שטעקן פון עצי־זית. אויפן שטעקן איז געווען אויסגעקריצט אויף כתיבה׳ש „ירושלים עיר הקודש“, און דערנעבן עפּעס צוויי קעסטעלעך. דער ייד האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דאָס בילד פון דעם „הר הבית“. דער ארץ־ישראל־ייד האָט גערעדט נייערט זוהר־לשון. שבת האָט ער בכלל נישט גערעדט קיין דברי־חול, ער האָט קיינמאָל נישט געקוקט אויף קיין ווייבער. מען האָט געזען בחוש, אַז דאָס איז אַ געבאַקענער ארץ־ישראל־ייד. מחמת די כעלעמער זענען תלמידי־חכמים און שטיקלעך מקובלים האָבן זיי זיך געקאָנט מיט אים צוזאַמענרעדן.

דער ייד האָט געטראָגן צעטרעטענע רויטע לאַטשן און זיי זענען גע־װוען שטאַרק פאַרשטויבט. ער האָט געזאָגט, אז ער קומט צופוס פון ארץ־ישׂראל און דער שטויב אויף זיינע לאַטשן איז נאָך פון דער מאמע רחלס קבר. ער איז געקומען קיין כעלם מיט אַ טלומעק. אין טלומעק זענען גע־לעגן עטלעכע שקאַרפּעטקעס, טלית און תפילין און עטלעכע זעקלעך מיט שיטערן און מאָגערן זאמד. דעם זאַמד האָט ער אויסגעגראָבן — האָט דער ייד געזאָגט — פון אונטער רחלס קבר ווי אויך פון אונטער די קברים פון ר׳ אַמי ור׳ אַסי. דאָס דאָזיקע זאַמד פאַרקויפט ער איבער אַלע יידישע שטעטלעך אין פוילן און דערפון האָט ער פרנסה. אם ירצה השם, נאָך ימים־נוראים, גייט ער צוריק קיין ארץ־ישראל און פאַרשטייט זיך צופוס.

אמאָל בין מנחה למעריב, איז ר׳ יוסף לאָקש געזעסן מיטן ארץ־ישראל ייד אין בית־המדרש אויף אַ באַנק לעבן גרויסן ספרים־אַלמער. ר׳ יוסף איז אַלצדינג געווען טשיקאווע צו וויסן. דאָ האָט ער פאַר זיך אַ ייד, וואָס קאָן נישט קיין אנדער לשון סיידן דאָס לשון פון זוהר, רעדט נישט שבת קיין דברי־חול, קוקט נישט אויף קיין ווייבער און האָט אויסגעמאָסטן צופוס סיי ארץ־ישראל און סיי חוץ־לארץ. אַזאַ ייד — האָט ר׳ יוסף לאָקש געטראַכט — קאָן מען גוט אויסטאָפּן און אויספרעגן צי איז דער תוגר, דער טערק, הייסט עס, טאקע אַזאַ חכם ווי עס מאכט אים אַ שם ר׳ קיווע בלאָז?

ר׳ יוסף האָט האלב אויף לשון־קודש און האלב אויף תרגום־לשון דעם ארץ־ישראל־ייד אַ פרעג געטון מכוח די טערקן.

— די טערקן זענען די נאַרישטע גויים — האָט דער ייד פלוצים פאַרגעסן דאָס זוהר־לשון און ר׳ יוספן געענטפערט אויף אַ זינגענדיקן קירהשן מאַמע־לשון.

— דהיינו? — האָט ר׳ יוסף לאָקש ווייטער געפרעגט.

— דהיינו — האָט דער ייד ווייטער געזונגען אויף יידיש און גע־שאָקלט מיט דער ארץ־ישראל־באָרד, וואָס האָט אים דערגרייכט ביז צום בויך און געהאַט אַ סך שפּיצן — ראשית טראָגן זיי, די טערקן, רויטע מיצלעך ווי די אינדיקעס, והשנית, האָבן זיי זיך אויסגעקליבן ישמעאלן פאַר אַ זיידע. אַ שיינער זיידע דער פעטער ישמעאל! ער טוט גאָרנישט,

נייערט זיצט אין דער מדבר מיט די פיס אויף אַרונטער, עסט סעמעטשקעס און שיסט מיט אַ פיילנבויגן.

אַזוי איז ר׳ יוסף לאָקש דערגאַנגען על פי שכל, אז די טערקן זענען גאָר די נארישסטע גויים, כאָטש קיווע בלאָז מאכט זיי אַ שם פאַר גרע־סערע הכמים ווי די כעלעמער.

# קאַפּיטל דריי

ר׳ יוסף לאָקש באַשליסט צו גיין קיין וואַרשע.

נאָכדעם ווי ר׳ יוסף לאָקש האָט געזען ווי ר׳ קיווע בלאָז האָט משטיינס געזאָגט געטראָפן מיט די טערקן, האָט ער זיך מישב געווען, אַז ער מוז אויך דערגיין על פי שכל צי וואַרשע איז טאַקע שענער און צי איז מלכות פוילן אַ סימן פון חכמה?

וואַרשע האָט אָבער נישט אַרויסגעשיקט קיין משולחים, ווי ארץ־ישראל, ביי וועלכע מען קאָן זיך דערפרעגן. דאָס מלכות אין וואַרשע מוז גאָרנישט וויסן וואָסערע חכמים עס געפינען זיך אין כעלם. אפשר ווייסן זיי גאָרנישט ביים מלכות, אז די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט געפינט זיך גאָר אין פוילן? אויב זיי ווייסן דאָס נישט — האָט ר׳ יוסף לאָקש ביי זיך געטראַכט — איז דער שכל מחייב, אַז וואַרשע איז שוין דערפאַר אליין נישט חשובער פון כעלם.

נאָר וואָס קומט אַרויס פון בלויזן טראַכטן? ר׳ יוסף לאָקש טראַכט און ר׳ קיווע בלאָז לאַכט! האָט ר׳ יוסף לאָקש באַשלאָסן: איינמאָל מוז עס נעמען אַ סוף צו ר׳ קיוועס לאַקירדעס! פאַרפאַלן! ר׳ יוסף לאָקש וועט בכבודו ובעצמו אַ גיי טון קיין וואַרשע און וועט אויפן אָרט אַ קוק טון הכצעקתה.

ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך אָבער מיישב געווען: למען השלום פון כעלם דאַרף מען וועגן דעם קיינעם נישט דערציילן. קיין פויגל טאָר דערפון נישט וויסן. מיקלאָמפּערשט וועט עס הייסן: ר׳ יוסף לאָקש האָט עפּעס מסחרים ביי אַ נאָענטן פּריץ. מכלומרשט וויל ער קויפן ביים פּריץ תבואה צי וואָל און ער מוז אַוועקגיין אין „הויף" אַריין און אַ קוק טון אויף דער סחורה.

כך הוה. ר׳ יוסף האָט עס אפילו דער מרת שאָשע נישט דערציילט.

אויך אַ כעלעמער יידענע האָט די ניין מאָס רייד און קאָן נישט האַלטן קיין סוד. ער האָט זיך איינגעפּאַקט אין אַ זעקל טלית און תפילין, און צידה לדרך, דערציילט דער מרת שאָשע די נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע מעשה מיטן פריץ, געטון אַ קוש די מזוזה, געזאָגט תפילת־הדרך און זיך געלאָזט אויפן וועג קיין וואַרשע, דער עיר־הבירה פון פוילן.

## קאַפּיטל פיר

איי־לו־לו, ר׳ יוסף לאָקש!

כדי זיך נישט צו וואַרפן אין די אויגן, כעלעמער חכמים זאָלן עפּעס נישט ווען גלייבן די מעשה מיטן פריץ, האָט ר׳ יוסף לאָקש געפּעדערט אין וועג אַריין גאָר, גאָר כאוּר. די הימלען האָבן ערשט אָנגעהויבן בלייכן אויף טאָג. דאָ און דאָרט האָט מען נאָך געזען אַ נישט־פאַרלאָשן שטערנדל. די לופט איז געווען קילבלעך.

פאַמעלעכל האָט ר׳ יוסף לאָקש אָנגעהויבן צו פאַרלירן כעלם פון די אויגן און די זון איז אַרויסגעקראָכן פון דעם כאורדיקן מזרח. זי האָט אָנגעהויבן צו לייכטן און צו וואַרעמען. ס׳איז געווען צווישן פּסח און שבועות. די פעלדער זענען געווען גרין און באוואקסן מיט ווייסע און געלע בלימעלעך. יינגע קאַטשקעלעך האָבן זיך געבאָדן אין די פעלד־וואַסער־לעך. ווו עס איז נאָר געשטאַנען אַ בוים אויפן וועג, איז ער געווען ווייס פון בליעכץ. ר׳ יוסף לאָקש איז נאָך כמעט קיינמאָל נישט געהאַט אַרויס פון כעלם. די אינדרויסנדיקע וועלט, ווו עס וווינען די גויים, האָט אים פאַמעלעכל אָנגעהויבן געפעלן צו ווערן. ער האָט ביי זיך געטראַכט: אַזאַ שיינער שפּאַציר קיין וואַרשע איז גאָר גוט צום בריאות.

ער איז אַזוי געגאַנגען עטלעכע שעה, געקוקט אויף דער וועלט און געטראַכט מחשבות. דער עיקר האָט ער געטראַכט וועגן ר׳ קיווע בלאָזן, וואָס פויקט כסדר מיט וואַרשע. אָט גייט ער, ר׳ יוסף לאָקש, איצטער אַהין דערויף אַ קוק צו טון. ער איז אַריינגעקומען אין אַ שיינעם וואַלד. אַלצדינג האָט דאָ געשמעקט מיט ריחות און מיט מחיה־נפשות. ר׳ יוסף לאָקש האָט באַשלאָסן, אַז איצט וועט ער אָפּדאַווענען און דערנאָך טועם זיין פון דעם צידה־לדרך.

ער האָט אָנגעטון טלית און תפילין און זיך אַוועקגעשטעלט הינטער אַ בוים דאַווענען.

נאָכן דאַווענען האָט ער געעפנט דאָס זעקל און קוק געטון וואָס אַזוינס מרת שאָשע האָט אים מיטגעגעבן אויפן וועג. אַ חוץ אַנדערע זאַכן זענען דאָרט געלעגן עטלעכע פּוטער־קיכלעך און אַ פלעשל משקה.

ר׳ יוסף לאָקש האָט גענומען אַ פּוטער־קיכל און אַ קעלישיקל בראָנפן. נאָכן טועם זיין האָט ער געפילט, אַז די אויגן קלעפּן זיך אים. ער איז געווען מיד פון גיין. דער וואַלד האָט געשמעקט. דאָס קעלישיקל בראָנפן האָט אויך געטון דאָס זייניקע.

האָט ער געטראַכט, ר׳ יוסף לאָקש, אַז דרימלען וועט ער נישט. ער איילט זיך דאָך קיין וואַרשע. ער וועט זיך בלויז אַ קאַפּעטשקע אַוועקלייגן אויפן גראָז.

ליגנדיק אויפן גראָז אונטערן בוים, וואָס האָט געשמעקט ממש ווי אַ בשמים־ביקס, האָט ר׳ יוסף נאָך מער אָנגעהויבן צו שלעפערן און ער האָט געטראַכט: וואָס איז דאָס איילעניש? וואַרשע איז נישט קיין ציג און וועט נישט אַנטלויפן. וועט ער קומען אַהין מיט אַ האַלבע שעה שפּע־טער.

דאָ איז אָבער ר׳ יוסףן איינגעפאַלן אַן אַנדער געדאַנק: טאָמער וועט ער חלילה פאַרגעסן דעם וועג אויף וועלכן מען גייט קיין וואַרשע? די וועלט האָט פיר זייטן. קאָן זיך דאָך מאַכן, אַז ווען ער וועט אויפשטיין פון שלאָף וועט ער פאַרבייטן די יוצרות און פאַרגעסן די זייט אויף וועלכער מען גייט קיין וואַרשע?

איז דאָך אָבער ר׳ יוסף לאָקש געווען אַ כעלעמער חכם, איז ער באַלד געפאַלן אויף אַן המצאה: ער האָט אויסגעטון די שיך און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויפן מיטן וועג, מיט די שפּיצן געווענדעט קיין וואַרשע. איצט — האָט ר׳ יוסף געטראַכט — וועט שוין אַלצדינג זיין יאַוונע ויאַסנע און ער וועט, חלילה, נישט מאַכן קיין טעות. ער וועט טאַקע כאַפּן אַ דרימל אויף אַ האַלבע שעה, דערנאָך וועט ער אויפשטיין, אַ קוק טון אויף די שיך און נעמען דעם ריכטיקן וועג.

ר׳ יוסף לאָקש האָט געהאַט אַ ווילדע הנאה פון דער המצאה. ער האָט אַ קנאַק געטון מיט די פינגער און צו זיך אַליין געזאָגט: אָט דער לאקירדע קיווע בלאָז! אדרבא! זאָל ער זאָגן צי איז גאָר בנמצא אויף גאָר דער וועלט אַ קליגערער ווי אַ כעלעמער ייד?

ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך אַ צופרידענער אַוועקגעלייגט אויפן גראָז אונטערן בוים. באַלד איז ער געשמאַק אַנטשלאָפן געוואָרן.

## קאַפּיטל פינף

ר׳ יוספס שיך בייטן אויס די יוצרות.

אין כעלעמער פינקס שטייט נישט פאַרשריבן ווי לאַנג ר׳ יוסף לאָקש איז אַזוי אָפּגעשלאָפן אונטערן שמעקנדיקן וואַלד־בוים. האָט ער אויפן גראָז מחוץ כעלם אויך געהאַט אַזעלכע שיינע חלומות ווי ער פלעגט האָבן אונטער דער פּערענע אין דער קלוגער שטאָט? דער פּינקס שווייגט דער־פון. דערפאַר שרייבט ער בפּרטות וועגן אַן אַנדער געשעעניש, וואָס האָט פּאַסירט בעת ר׳ יוסף איז אַזוי פיין געשלאָפן אויפן שיינעם אינדרויסן.

ווי מיר ווייסן, האָט ר׳ יוסף לאָקש אַוועקגעשטעלט זיינע שיך אויפן מיטן וועג. ער האָט זיי געשטעלט מיט די שפּיצן אין דער זייט קיין וואַרשע. זאָלן זיי אַזוי שטיין און קוקן צו דער פּוילישער הויפּטשטאָט ביז ר׳ יוסף לאָקש וועט אויפשטיין און גיין אויפן וועג ווו זיי וועלן אים וויזן.

די שיך האָבן טאַקע געטון זייער אַרבעט בשלימות. זיי זענען געשטאַ־נען און געקוקט אויף וואַרשע.

אויף דער דאָזיקער זינדיקער וועלט זענען אפילו די געטרייעסטע שיך נישט זיכער, אַז זיי וועלן זיין עומדים בנסיון און וועלן טון דעם רצון פון זייער באַלעבאָס אַזוי ווי ער האָט זיי געהייסן.

ווי די שיך שטייען אַזוי, קוקן קיין וואַרשע און וואַרטן ביז ר׳ יוסף לאָקש וועט זיך אויפכאַפּן פון דרימל — דערהערט זיך אַ שווער געקרעכץ פון אַ פּויעריש פורל. דאָס פורל האָט זיך קוים געשלעפּט אויפן זאַמדיקן פּוילישן וועג, ווו ר׳ יוספס שיך זענען געשטאַנען און געקוקט. דאָס פּויערל וואָס איז געזעסן אויפן פורל האָט געשאָלטן, געשריגן און געפּאַטשט מיט דער בייטש איבער דעם צעשונדענעם רוקן פון אַ בידנע שקאַפּעלע וואָס האָט נעבעך דאָס פורל געצויגן מיט אירע לעצטע כוחות.

עס איז געווען אַ פורל מיט פרישע צווייגן וואָס דער פּויער האָט אָפּ־

געהאַקט אין וואַלד. איצט פאָרט ער מיט זיי אַהיים. דאָס פורל איז געווען פול ווי אַ גרויסער גרינער סטויג. די צווייגן האָבן אַראָפּגעהאָנגען פונעם פורל און זיך אויך נאָכגעשלעפּט אויף דער ערד.

דער פויער האָט כסדר געפלוכט, געפּאָכעט מיט זיין בייטש און געשריגן אויף דער מידער שקאַפּע.

דאָס פורל איז פּאַמעלעכל פאַרבייגעפאָרן לעבן ר׳ יוסף לאָקשס שיך. די נאָכהענגענדיקע צווייגן האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין די שטייענדיקע שיך פון בעלעמער פרנס־חודש און זיי אויסגעדרייט פונקט קאַפּויער ווי ר׳ יוסף האָט זיי אַוועקגעשטעלט. דאָס הייסט, איצט זענען די שיך געשטאַנען געווענדט מיט די שפּיצן קיין כעלם.

דאָס פורל איז אַוועקגעפאָרן — און די שיך האָבן איצט גאָר געקוקט קיין כעלם אָנשטאָט קיין וואַרשע. וואָס פון אַזאַ קוקן איז אַרויסגעקומען וועלן מיר באַלד דערציילן.

# קאַפּיטל זעקס

ר׳ יוסף לאָקש איז איינגעגלויבט אין זײַנע שיך. — וואַרשע קומט אַקעגן ר׳ יוספן מיט אַ קוילעטש

ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַ פרישער און אַ ניי־געבוירענער. ער טוט אַ קוק אויף זיין גרויסן זילבערנעם זייגער: ער איז געשלאָפן אַ גוטע שעה. אָט דאָס הייסט אַ פּעפער! — האָט ר׳ לאָקש זיך אַליין געמוסרט און זיך אָנגעהויבן צו איילן. ער טוט אַ קוק אויפן וועג, ווו עס שטייען זיינע אויסגעטועטע שיך. זיי שטייען געטריי און קוקן אַזוי ווי ער האָט זיי אַוועקגעשטעלט. די שיך לאָזן נישט אַרויס וואַרשע פון אויג — טראַכט ביי זיך ר׳ יוסף לאָקש.

ר׳ יוסף האָט זיך אויפאינדערגעשווינד אָנגעטון די שיך, גענומען דאָס זעקל מיט צידה־לדרך אויף די פּלייצעס, דעם שיינעם נגידישן שטעקן אין דער האַנט אַריין, און — הלך משה מרדכי. ער איז געגאַנגען מיט נייע כוחות קיין וואַרשע.

לויט ר׳ יוסף לאָקשס חשבונות האָט קיין וואַרשע נאָך געמוזט זיין אַ געוואַלדיקער מהלך. הלוואי זאָל ער מאָרגן אם ירצה השם מיטאָג־צייט דערגרייכן די ראָגאַטקעס. מען האָט געזאָגט: פּונקט מיט־וועג פון כעלם קיין וואַרשע איז פאַראַן אַ קרעטשמע. ער וועט דאָרט קאָנען איבערנעכטיקן. אָבער ווי שטאַרק פאַרחידושט איז ר׳ יוסף געוואָרן, ווען נאָך אַ מהלך פון קנאַפּע עטלעכע שעה האָט ער פון דערווייטנס אָנגעהויבן צו זען אַ שטאָט.

אַז די שטאָט איז טאַקע וואַרשע, איז ר׳ יוסף לאָקש נישט מסופק געווען קיין איין רגע. ער איז געווען איינגעגלויבט אין זיינע שיך. מן־הסתם זענען זיי געשטאַנען אַזוי ווי ר׳ יוסף האָט געהייסן און זיי פירן אים אויפן ריכטיקן וועג. אָבער שוין אַזוי געשווינד וואַרשע? און ווו איז די קרעטש־מע?

ר׳ יוסף לאָקש האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן: מן־הסתם האָט וואַרשע דערהערט, אז עס גייט צו איר דער פרנס־חודש פון דער קליגסטער שטאָט אויף דער וועלט, האָט זי זיך מיישב געווען: וואָס וועט זי דאָ טרייבן פוסטע גאווה? האָט זי פארקאטשעט די פאָלעס און אקעגנגעגאנגען ר׳ יוסף. מיר האָבן שוין אַ סך מאָל געהערט ווי אַ ייד האָט קפיצת־הדרך. אבי דער לאַקירדע קיווע בלאָז זאָגט, אז וואַרשע האַלט זיך גאָר מיוחסדיקער פון בעלז.

אַזוי האָט אַ צופרידענער ביי זיך געטראַכט דער פרנס־חודש ר׳ יוסף לאָקש און אויך ער, פון זיין זייט, איז שנעלער אַקעגנגעגאַנגען דער הויפטשטאָט פון מלכות פוילן.

# קאַפּיטל זיבן

הזאת נעמי? — ר׳ קיווע בלאָז זוכט ר׳ יוספן אין וואַרשע. — כעלם לויפט קיין וואַרשע זוכן דעם פרנס־חודש. — אַ קשיא אויף אַ יידענע!

ווען ר׳ יוסף לאָקש איז נאָר אַריינגעקומען צווישן די ערשטע הייזלעך פון כעלם האָט ער זיך אין פלוג אַ קאַפּעטשקע געחדושט: הזאת נעמי? דאָס איז דאָס וואַרשע פון וועלכער קיווע בלאָז הערט נישט אויף צו דערציילן? דאָ וווינט טאַקע דער פוילישער מלך? וואַרשע קוקט דאָך גאָר אויס אינגאַנצן ווי כעלם!

נאָר אַ חכם האָט צייט. ער איז זיך גוט מיישב ביי יעדן געדאַנק און ביי יעדער מחשבה. טראַכט ביי זיך ר׳ יוסף לאָקש: נישט געכאַפּט! עס איז מעגלעך, אַז די ערשטע הייזלעך זענען גלייך אין אַלע שטעט. דאָס רעכטע און געדיכטע הייבט זיך ערשט אָן ווייטער. לאָמיר טאַקע גיין ווייטער און קוקן ווי וואַרשע זעט אויס פון אינווייניק.

גייט ר׳ יוסף לאָקש ווייטער. ער קוקט, ער דרייט אויס דעם קאָפּ, ער באַטראַכט יעדעס הייזל, יעדעס שטיינדעלע און יעדעס ווינקעלע. ער ווייסט נישט וואָס צו טראַכטן. וואַרשע קוקט אויס ווי כעלם, כעלם אויסן אויג!

ווי ר׳ יוסף לאָקש שטייט אַזוי און טראַכט און קוקט זיך אַרום און הערט זיך נישט אויף צו חדושן, זעט ער ווי פונדערווייטנס קומט אָן צו גיין אַ גרויסע פלאַקסיקע באָרד. טראַכט ביי זיך ר׳ יוסף לאָקש: אָט דאָס קיווועלע! מן־הסתם האָט ער דערטאַפּט, אַז איך גיי קיין וואַרשע, האָט ער זיך מקדים געווען און געקומען אַהער פריער פון מיר. ווען איך בין געשלאָפן איז ער פאַרבייגעגאַנגען דעם וועג און איך האָב אים נישט געזען. דער לאַקירדע זוכט מיך מן־הסתם אין וואַרשע און וויל מיר דאָ

ווייזן את רוב עשרו. בעסער וועל איך מיך אויסבאַהאַלטן ביז דער עקשן וועט פאַרבייגיין.

ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך אויפאינדערגעשווינד אַרונטערגערוקט הינ־טער אַ וואַנט. ווען ר׳ קיווע בלאָז איז שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען, האָט ר׳ יוסף אַ צופרידענער געגעבן אַ קנאַק מיט צוויי פינגער און געזאָגט:

— זאָל ער מיך זוכן, דער לעקיש, איבער וואַרשע.

און ער איז אַ צופרידענער אַרויסגעגאַנגען פון הינטער דער וואַנט.

וואָס ווייטער ער גייט, אַלץ שטאַרקער האָט ער זיך געחדושט. כעלם און וואַרשע זענען גלייך ווי צוויי טראָפּן וואַסער. דאָס מלכותדיקע וואַר־שע טוט, במחילה, נישט מער, נייערט עס קרימט נאָך כעלם ממש אויף דער האָר. ווו כעלם שטעלט אַוועק אַ הייזל, נעמט וואַרשע און שטעלט אויך פּונקט דאָס זעלביקע הייזל. אפילו די שטיינער אויף די גאַסן זענען די זעלביקע. אַ פּנים ווייסט טאַקע וואַרשע וואָסער קלוגע שטאָט כעלם איז, דעריבער טוט זי נישט מער נאָר מאַלפּעוועט איר נאָך.

דאָס גיין איבער וואַרשע איז ר׳ יוסף לאָקשן אויסגעקומען קריעת־ים־סוף. אַזוי ווי ער האָט זיך אויסגעהיטן, אַז מען זאָל אין כעלם נישט וויסן, אַז ער איז געפאָרן קיין וואַרשע — האָט ער, מעשה־שטן, אומעטום אָנ־געטראָפן אַ כעלעמער ייד צי אַ יידענע. עפּעס אַ געלויפעניש פון כעלם קיין וואַרשע? — האָט ר׳ יוסף לאָקש ביי זיך געטראַכט. וואָס טוען דאָ אין וואַרשע אַזוי פיל כעלעמער יידן? איז אָדער — מען האָט אין כעלם זיך געכאַפּט, אַז עס פעלט דער פרנס־חודש און מען לויפט אים זוכן איבער דער וועלט? אָדער — כעלעמער יידן האָבן זיך געלאָזט איבעררעדן פון קיווּעלע בלאָז און זענען אַלע געלאָפן אָנקוקן די שטאָט וואָס איז, וועדליג ער זאָגט, כלומרשט שענער פון כעלם?

און ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך אויף יעדן טריט געמוזט באַהאַלטן הינ־טער אַ וואַנט כדי מען זאָל אים נישט זען.

ר׳ יוסף לאָקש איז ווידער אַרויסגעקראָכן פון אַ באַהעלטעניש. ער גייט אַ ביסל ווייטער און אָט זעט ער די שול. ווידער די כעלעמער שול! דאָ האָט ר׳ יוסף צו זיך אַ זאָג געטון אויפן הויכן קול:

— פאָרט נישט קיין נאַרישע שטאָט וואַרשע, אויב זי וויל האָבן פּונקט אַזאַ שול ווי מיר אין כעלם!

ר׳ יוסף לאָקש האָט געוואָלט אַריינגיין אין דער שול אינעווייניק און אַ קוק טון. גראָד פון דער וואַרשעווער שול האָט ר׳ קיווע בלאָז דערציילט חידושים איבער חידושים — הגם גאַנץ כעלם האָט געוווּסט, אַז ר׳ קיווע איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אין וואַרשע, און אַלע מעשיות דערציילט ער בלויז על פּי שכל.

ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך מיט גרויס האָפּערדיקייט געגרייט אַריינ־צוגיין אין דער וואַרשעווער שול און צו זען צי ר׳ קיווע בלאָזס גזמאות האָבן טאַקע אַ האַפּט. באותו הרגע: קוים וואָס ער האָט זיך איינגעבויגן און נאָך באַצייטנס באַוויזן זיך אַרונטערצושטעלן הינטער אַ וואַנט, איז געשען אַן אויסטערלישע זאַך.

ער האָט זיינע אויגן נישט געגלויבט.

פון דער טיר פון דער שול זענען אַרויסגעגאַנגען ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש און דער זאַאיקע ר׳ געצל גדליה. וואָס זיי האָבן צווישן זיך גערעדט האָט ר׳ יוסף נישט געקאָנט הערן. ער האָט נאָר געזען ווי ר׳ געצל גדליה אַרבעט מיט אַלע רמ״ח איברים, פאַרדרייט די אויגן, זאַאיקעט זיך און וויל, זעט אויס, ר׳ מנשהן דערציילן עפּעס אַ מעשה.

— כעלם זוכט מיך איבער וואַרשע און דער זאַאיקע שטאַמלט, אפנים, אַן עצה ווי אַזוי מיך צו געפינען, האָט ר׳ יוסף לאָקש געטראַכט.

אַ פּרנס־חודש פון אַן אַנדער שטעטל וואָלט זיכער אַריינגעפאַלן אין גאווה ווען ער וואָלט געזען ווי שטאָט קאָן אָן אים נישט לעבן איין מינוט. טאָמער שטעלט ער אַרויס אַ פוס מחוץ לעיר — טוט זיך שוין אין שטעטל חושך פון גרויס בענקעניש. קינד און קייט לויפן אים זוכן. ר׳ יוסף לאָקש איז דאָך אָבער געווען אַ גרויסער חכם, און יעדער חכם איז אַן עניו, האָט ער פון זיך אָוועקגעטריבן די שעפּטשענישן פון יצר־הרע, וואָס האָט אים דווקא געוואָלט אַרויספירן אויף די נאַרישע דרכים פון גאווה און איינ־רעדעניש. ער האָט ביי זיך געטראַכט: לאָז מיך כעלם זוכן געזונטערהייט! איך וועל מיך דערווייל אומקוקן אויף וואַרשע.

ר׳ יוסף איז ווייטער געגאַנגען און ענדלעך געקומען צו דער החלטה: וואַרשע און כעלם איז איינס און דאָס זעלביקע אויסן אויג. נאָר וואָס דען? ער האָט זיך יעדעס מאָל געמוזט באַהאַלטן הינטער אַ וואַנט. וואַרשע האָט געראָיעט מיט כעלעמער יידן.

ווי ר׳ יוסף גייט אַזוי און קוקט, בלייבט ער פּלוצים שטיין גלייך עמיצער וואָלט אים געגעבן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. ער איז אַריינגעקומען אין אַ וואַרשעווער געסל וואָס קוקט אויס פונקט ווי דאָס געסל אין כעלם אין וועלכער ער, ר׳ יוסף, גופא וווינט. ער גייט נאָך אַ טריט: דאָס אייגענע הייזל אויף דער האָר ווי זיין הייזל אין כעלם.

מן־הסתם וווינט דאָ דער וואַרשעווער פרנס־חודש, האָט ר׳ יוסף לאָקש צו זיך געזאָגט נאָך אַ קליינעם ישוב־הדעת, זעט זיך אויס, אַז אין וואַרשע איז מען אַ מבין אויף כעלם און מען מאַכט פּשוט נאָך יעדע תנועה וואָס כעלם טוט.

ווי ר׳ יוסף שטייט אַזוי און קוקט און האָט גרויס הנאה פון דעם הייזל פון וואַרשעווער פרנס־חודש — זעט ער ווי פון דער הויז־טיר קומט אַרויס אַ יידענע אַן איינגעהילטע אין אַ טערקישער פּאַטשיילע און האַלט אין דער האַנט אַ קאָשיק. משמעות גייט זי אויפן מאַרק איינקויפן. תחילת איז אפילו ר׳ יוספן געפאַלן אין אויג אָריין, אַז די יידענע כאַפּט עפּעס ווי אַן אָנבליק פון דער מרת שאָשע. ר׳ יוסף האָט אין פלוג געמיינט, אַז דאָס איז די וואַרשעווער פרנס־חודשטע און אַז אַלע פרנס־חודשטעס האָבן איין פּנים.

ער קוקט און קוקט. די יידענע קומט צו נענטער.

בנאמנות, עס איז די לייבהאַפטיקע מרת שאָשע אַזוי ווי ער, ר׳ יוסף לאָקש, קאָן זי פון דער גילדערנער יויך.

ר׳ יוסף לאָקש האָט געוואָלט אַ געשריי טון: שאָשע! און איר אין מיטן דער גאַס געבן דאָס גרויסע חלק. מן־הסתם האָט זי, שאָשע, געמאַכט דעם רעש אין כעלם, אַז ער איז געפאָרן קיין וואַרשע. פון וואַנען אָבער האָט זי דאָס געוווּסט? ער האָט דאָך איר גאָר דערציילט אַ מעשה מיט אַ פּריץ!? נו, אַ קשיה אויף אַ יידענע! נשים וויסן אַלצדינג. האָט זי, שאָשע, הייסט עס, אָנגעקאָכט די קאַשע און געלאָפן מיט גאַנץ כעלעמער קהל קיין וואַרשע זוכן אים, ר׳ יוספן!?

מיר האַלטן אין פּינקס ביים רעכטן געדיכטן, ווי ר׳ יוסף לאָקש גורט זיך אָן די מאַנסבילשע לענדן און וויל זיך קריגן מיט דער מרת שאָשע. זעט אויס, אַז מען האָט די דאָזיקע בלעטער אַ סך געלייענט אין כעלם. געלייענט און געשטוינט און געלערנט דערפון קלוגשאַפט און מוסר־

השכל. מען האָט אַזוי לאַנג געלייענט ביז מען האָט די בלעטער אויס־געריסן און זיי פעלן אין פינקס. אפשר וועט מען זיי נאָך אַמאָל געפינען. מיר וועלן דעמאָלט געוווירעריבערמאָלט געוווירעריבער ווערן ווי אַזוי ר׳ יוסף לאָקש האָט זיך גע־קריגט מיט דער מרת שאָשע און אויך ווי אַזוי ער איז צוריק געקומען פון מכלומרשטן וואַרשע צום ריכטיקן כעלם.

⁂

מוסר־השכל:

פון דער דאָזיקער שיינער מעשה קאָן מען באַשיימפערלעך זען: או־מעטום און אייביק האָט די גאַנצע וועלט דאָס אייגענע פנים. וואַרשע איז כעלם און כעלם איז וואַרשע. אויב מיר מיינען, אַז עס איז אַנדערש — פאַרשטייען מיר נישט דעם גרויסן אמת פון ר׳ יוסף לאָקשס טעות.

# קאַפּיטל איינס

די חכמי־כעלם ברעכן זיך די קעפּ פון וואַנען מען נעמט אַ מלך פאַר דער קלוגער שטאָט. — מאַטשעק דער באָד־גוי.

ווי מיר האָבן שוין געהאַט דערציילט, איז דער פּרנס־חודש ר׳ יוסף לאָקש געקומען צו דער פעסטער החלטה: וואַרשע און כעלם זענען איינס און דאָס זעלביקע, ממש אויפן פּינטעלע. נישט מער וואָס די כעלע־מער זענען די גרעסערע חכמים. וואַרשע טוט גאָרנישט נאַריש, ווען זי טוט נישט מער נייערט מאַכט נאָך כעלם.

נאָר איין זאַך האָט ר׳ יוספן געפּאָרקעט:

— וואַרשע האָט פאָרט דעם מלך און כעלם האָט נישט קיין מלך.

ער איז דעריבער נישט געשלאָפן קיין נעכט. פון גרויס גריזאָטע און קנאה אויף וואַרשע מיט איר מלך, האָט ער נעבעך געקרעכצט אונטער דער פערענע. מרת שאָשע האָט אים געפרעגט: אפשר ביסטו, חלילה, נישט מיט אַלעמען? איך וועל שיקן נאָך זישען דעם רופא און ער וועט דיר לאָזן אָדער?! ר׳ יוסף האָט אָבער געוווסט וואָס אים קוועטשט אונטערן לעפעלע. מיטן לאָזן ר׳ יוספן אָדער וועט נאָך כעלם נישט האָבן קיין מלך. האָט ער דער מרת שאָשע געזאָגט אַ תירוץ פון דער הגדה.

צום סוף האָט ר׳ יוסף לאָקש שוין מער נישט אויסגעהאַלטן און ער האָט צוזאַמענגערופן די ראשי־הקהל אויף אַן אסיפה. ער האָט זיי נאָך אַמאָל דערציילט פון וואַרשע און אַז כעלם האָט זיך וואָס איינצורעדן. די פּוילישע הויפּטשטאָט קוקט איר אין די אויגן אַריין ווי אַ חדר־ייִנגל. אלא וואָס דען? וואַרשע האָט איר אייגנס אַ מלך. כל זמן כעלם וועט אויך נישט האָבן קיין מלך וועט ער, ר׳ יוסף, נישט קאָנען שלאָפן.

האָבן כעלעמער ראשי־הקהל איינגעזען: ר׳ יוסף לאָקש איז דאָך גע־רעכט גערעכט. ווי קאָן טאַקע אַזאַ קלוגע שטאָט ווי כעלם לעבן אָן אַ מלך?

פונוואַנען נעמט מען אָבער אַ מלך פאַר כעלם? מילא אַ פּרנס־חודש צי אַ גבאי נעמט מען אַ כעלעמער ייד און מען זעצט אים אַרויף אויפן בענקל. אָבער אַ מלך? דער רב זאָל לעבן און ר׳ שעפּסעלע דער מורה־הוראה האָבן געפּסקנט: איידער משיח וועט קומען טאָר גאָר קיין ייד נישט זיין קיין מלך. משחרב בית־המקדש, זינט דאָס בית־המקדש איז פאַרוויסט, האָט מען געגומען דעם כתר פון מלכות און אים אַוועקגעגעבן צו די גויים. איז וואָס זשע איז ס׳גוואַלד? נעמט מען, הייסט עס, אַ גוי און מען מאַכט אים פאַר כעלעמער מלך, און פּטור אַן עסק. אָבער די צרה איז וואָס סך הכל געפינט מען נישט אין כעלם קיין גויים אויף קיין רפואה. קיין עין־הרע אַ שטעטל פון סאַמע יידן.

הכלל, וואָס איז דאָ אַ סך צו דערציילן? ראשי־הקהל צוזאַמען מיט ר׳ יוסף לאָקשן זענען אָפּגעזעסן זיבן טעג און זיבן נעכט. מען האָט זיך געבראָכן די קעפּ: ווו נעמט מען, בעוונותינו הרבים, אַן ערל און מען מאַכט אים פאַר כעלעמער מלך?

האָבן מיר דאָך, ווי עס איז באַוווּסט, צווישן די כעלעמער חכמים ר׳ געצל גדליהן דעם זאַאיקע. עס איז אים, דעם חכם, אפילו שווער אָנגעקומען. קהל האָט אים לאַנג געמוזט קוקן אין מויל אַריין ביז ער האָט אַרויסגעשטאַמלט וואָס ער וויל. אָבער נאָך אַ לאַנגן עבודת־הפּרך האָט ער עס פאָרט אַרויסבאַקומען:

— קהל זאָל נעמען מאַטשעקן דעם באָד־גוי, דעם איינציקן גוי, וואָס כעלם פאַרמאָגט אין איר פאַרמעג, דעם גוי, וואָס שבת הייצט ער די אויוונס און נעמט אַראָפּ פון יידישע טישן די שבת־לייכטער. דער גוי, וואָס פאַר פּסח פאַרקויפט מען אים דאָס גאַנצע חמץ פון כעלם — זאָל מען נעמען אָט דעם כעלעמער גוי און מאַכן אים פאַר כעלעמער מלך!

קהל האָט זיך נישט געקאָנט אָפּלויבן פון דער עצה־טובה. מען האָט געצל גדליהן געווינטשעוועט און באַשלאָסן מאַטשעקן צו מאַכן פאַר דעם מלך פון כעלם.

# קאַפּיטל צוויי

דאָס גויאישע בן־יחידל פון כעלם. — מאַטשעק אין ערב פּסח.

דער ערל מאַטשעק דער באָד־גוי, הגם ער איז געגאַנגען באָרוועס און נאַקעט, האָט ער זיך פונדעסטוועגן געהאַלטן אין כעלם ווי דאָס בן־יחידל פון שטעטל. אַ קליייניקייט, דער איינציקער בן־נח צווישן יידן! ער איז געווען אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן מיט יידן, האָט גערעדט יידיש און האָט פאַמעלעכל כמעט פאַרגעסן דאָס גויאישע לשון. עס זענען נישט געווען קיין גויים אין כעלם מאַטשעק זאָל קענען מיט זיי אַ שמועס טון. אַרומצוגיין מחוץ לעיר אויף די פעלדער און אויך אַמאָל זיין אַ גוי צווישן גויים — צו דעם איז מאַטשעק געווען צו פויל. דערצו האָט ער זיך כמעט שטענדיק שוואַך געהאַלטן אויף די פיס, מחמת יידן האָבן אים נישט גע־זשאַלעוועט די כוסה.

מאַטשעק האָט געוווסט, אַז ער איז אַ גוי און דערפאַר מעג ער דאָס וואָס אַלע כעלעמער יידן טאָרן נישט. ער מעג אויפעסן אַ געפּגרט עוף, דאַרף נישט פאַסטן אין יום־כפור. שבת, מעג ער האַלטן די לייכטער אין דער האַנט און מעג הייצן די אויוונס. פון וואַנען קומען צו אים אַזעלכע פּריווילעגיעס ווען גאַנץ כעלם טאָר עס נישט טון? דאָס האָט ער נישט געוווסט. ער האָט געגלויבט: דאָס האָבן אים כעלעמער יידן געגעבן די דאָ־זיקע טייערע מתנה. ער האָט זיי דערפאַר געוואָלט אָפּדינען בלב ונפש.

די טעג פון גרויסן אָפּדינען זענען געווען די פריייטיקן אין מרחץ. מאַטשעק האָט געוווסט, אַז יידן האָבן ליב אַ קאָכעדיקע מיקווה און אַז אויף די שוויץ־בענק זאָל שלאָגן אַ פאַרע מען זאָל זיך קאָנען אין איר אָפּקאָכן לעבעדיקערהייט. אדרבה! אין די ערבי־שבתות וימים־טובים האָט מאַטשעק נישט געזשאַלעוועט קיין האָלץ און קיין פראַצע. די כעלעמער מיקווה האָט זיך דעמאָלט נישט געהאַט מיט וואָס צו שעמען פאַרן גיהנם.

נאָר דער גרעסטער טאָג אין מאַטשעקס יאָר איז געווען דער טאָג פון ערב־פּסח.

דאָס הייסט: די גרויסע טעג האָבן זיך פאַר מאַטשעקן אָנגעהויבן עטלעכע טעג פאַר ערב־פּסח. אַ טויט־שכורער איז ער קוים געקראָכן. קוים וואָס מען האָט ביי אים געפּועלט צו הייצן די מיקווה. ער איז געלעגן אין די כעלעמער בלאָטעס און געשריגן מיט אַ פאַרפלאָנטערטער צונג, אַז מאָרגן ערב־פּסח קויפט ער אָפּ גאַנץ כעלם, אַלע קרעמלעך און אַלע בע־בעכעס ביי יידן. אינמיטן האָט ער גאָר אָנגעהויבן צו וויינען פון דער בלאָטע אַרויס און איז פּלוצלינג געוואָרן אַ שונא־ישראל. ער האָט געשריגן, אַז יידן האָבן אים אומגליקלעך געמאַכט און האָבן ביי אים צוגענומען די מאַיאָנטקעס. נאָר נישקשה! מאָרגן גייט ער צום רב און קויפט אָפּ גאַנץ כעלם און ער וועט ווערן רייכער ווי אַלע כעלעמער יידן צוזאַמען.

כך־הוה. כאור ערב־פּסח האָט ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש אויסגע־זוכט מאַטשעקן. דער גוי איז געווען טויט־שכור, זיך נאָכגעשלעפּט נאָך ר׳ מנשהן און געשריגן אַז ער באַשטייט אָפּצוקויפן כעלם.

מען האָט אים אַריינגעפירט צום רב זאָל לעבן. לכבוד דעם חמץ־פאַר־קויפן האָבן זיך דער רב און דער מורה־הוראה ר׳ שעפּסעלע אָנגעטון די שבתדיקע זיידענע זשופּיצעס און די ספּאָדיקלעך. זיי האָבן זיך גלייך גע־מאַכט די פּיאות. דער רב האָט אָנגעהויבן פאָרצולייענען פאַר מאַטשעקן דעם שטר־מכירה. דאָרט איז געווען געשריבן אין נוסח פון אַ שווערער שאלה־תשובה, אַז ערל מאַטשעק קויפט אָפּ כעלעמער חמץ און דעם גאַנצן כל־טוב פון יידן וואָס מען טאָר נישט האַלטן איבער פּסח. דער רב האָט דעם גרויסן שטר־מכירה אָפּגעזונגען פאַר מאַטשעקן מיט אַ גמרא־ניגון און בעתן לייענען זיך אַריינגעשאָקלט אינעם שכורן גוי. מאַטשעק האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. דער מורה־הוראה ר׳ שעפּסעלע, הגם ער האָט גאָר נישט געטון, איז געשטאַנען, זיך אָנגעהאַלטן מיט ביידע הענט ביים גאַרטל און זיך אויך געשאָקלט.

מאַטשעק האָט זיך געוואַקלט. מיט ביידע הענט האָט ער זיך געקלאַפּט אין האַרץ אַריין און געשריגן:

— טאַק. טאַק. אַלצדינג קויף איך, פּאַניע ראַביניע!

דער רב האָט איבערגעגעבן מאַטשעקן דעם שטר־מכירה ווו מען



„דער רב האָט אָנגעהויבן פאַרצולייענען פאַר מאַטשעקן
דעם שטר-מכירה“

פאַרקויפט אים גאַנץ כעלם, דער גוי האָט דאָס חשובֿע פּאַפּיר באַהאַלטן אין אַ טאַש פֿון זיין צעריסענער סוקמאַנע. די רביצין האָט אים געגעבן אַ קעלישיקל פּסחדיקן בראָנפֿן און אַ שטיקל יום־טובֿדיקן לעקעך. מאַטשעק האָט עס אַרונטערגעלאָזט ווי אַן אבֿן־טובֿ. ער האָט זיך אַרויסגעוואַקלט פֿון דער בית־דין־שטובֿ, אַריינגעפֿאַלן אין דער ערשטער ערבֿ־פּסחדיקער בלאָטע און געשריגן בקול רם, אַז איצט איז ער דער באַלעבאָס איבער גאַנץ כעלם און ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט אַלע כעלעמער יידן.

# קאַפּיטל דריי

## אגיל ואשמח

קיין בעסערן מלך פאַר כעלם ווי מאַטשעקן דעם באָד־גוי האָט מען גאָר נישט געקאָנט אויסטראַכטן. אַ היימישער ערל וואָס איז אויסגעבונדן מיט כעלעמער יידן. פּסח טראָגט ער זיך סיי־ווי אַרום מיט אַ שטר־מכירה אויף כעלם. פון דעם דאָזיקן שטר־מכירה ביז צום כתר־מלכות איז נאָר איין טריט. הייצן דאָס מרחץ און טון מלאכות אין שבת וועט מאַטשעק אַלס מלך אויך טון כמקדם. הכלל עס איז אַלצדינג אגיל ואשמח. ר׳ יוסף לאָקש האָט געגעבן אַ קנאַק מיט צוויי פינגער און געזאָגט: איצטער איז כעלם גלייך צו וואַרשע מיט אַלע פּיטשעווקעס. אַז כעלם איז קליגער פון וואַרשע — דאָס ווייסט וואַרשע אַליין. עס גייט נישט מער ווי אין כתר־מלכות. נו האָט כעלם איצט אויך אַ מלך. איי עס איז דער באָד־גוי מאַטשעק? איז ווער ווייסט וואָסער מאַטשעק וואַרשע האָט זיצן אויף איר כסא־מלוכה?

## קאַפּיטל פיר

אַ מלך אָן אַ קרוין איז ווי אַן אתרוג אָן אַ פּיטום

ווײַצן קהל האָט מאַטשעקן געזאָגט, אַז מען גייט אים מאַכן פאַר כעלעמער מלך, האָט ער קודם־כל געפרעגט צי מען וועט אים דערפאַר געבן אַ גלעזל בראָנפן. וואָס עס איז אייגנטלעך אַ מלך האָט מאַטשעק נישט גוט באַנומען. ער האָט געמיינט: מען וועט אים ווידער אַריינפירן צום רב און אים פאַרקויפן כעלם מיט די בעבעכעס. ער האָט זיך באַלד אָנגעשכורט, זיך אַוועקגעלייגט אין אַ בלאָטע און געשריגן, אַז ער וועט זיך נוקם ונוטר זיין אין כעלעמער יידן.

מאַטשעק איז געלעגן אין דער בלאָטע און אַזוי לאַנג געשריגן ביז ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן און הויך געכראָפּעט.

דערווייל זענען די כעלעמער ראשי־הקהל מיט ר׳ יוסף לאָקשן בראש געזעסן זיבן טעג און זיבן נעכט און געטראַכט, ווו נעמט מען פאַר מאַטשעקן דעם קעניג פון כעלם אַ גאָלדענע קרוין? מחמת אַ מלך אָן אַ קרוין איז אַזוי ווי אַן אתרוג אָן אַ פּיטום. עס איז געווען זייער אַ האַרב טראַכטעניש. ראשית: ווו נעמט מען גאָלד אויף אַ קרוין? ביי זייער גאַנצער חכמה זענען די כעלעמער חכמים נעבעך געווען ביטערע אביונים. מען האָט געטראַכט, געקלערט און זיך געבראָכן די קעפּ. אפילו ר׳ געצל גדליה דער זאאיקע איז געזעסן און געשוויגן ווי אַ לעמעלע. אויך ער, דער אייביקער כעלעמער בעל־עצה, האָט נישט געוווסט קיין עצה.

## קאַפּיטל פינף

ר׳ פּיווקע דער ליטוואַק ברענגט פאַר מאַטשעקן אַ גאָלדענע קרוין

צום סוף פון זיבעטן טאָג ווען די ראשי־הקהל זענען געזעסן און אין עצה ואין תבונה — טוט זיך פאַמעלעכל אָן עפן די טיר פון קהל־שטיבל, עס קומט אַריין אַן אָרעמאַן, אַ מדינה־גייער, מיט אַ צעריסן שמויסן מיצל אויפן קאָפּ, מיט אַ שטעקן אין דער האַנט און מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס.

דער אָרעמאַן טוט אַ קוש די מזוזה, און איידער מען גיט אים נאָך שלום ענטפערט ער שוין:

— סאָלעם אַלעיכעם, כעלעמער יידן!

זעט מען אַז עס איז אַ ייד אַ ליטוואַק. עטלעכע כעלעמער האָבן זיך דערמאָנט: אָט דאָס איז דער זעלבער ליטוואַק וואָס אַמאָל בעת מען האָט געבויט כעלם האָט ער געגעבן אַן עצה אַראָפּצוקאָלערן די קלעצער פון באַרג. נאָר ער, דער ליטוואַק, איז דעמאָלט באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן.

— עליכם־שלום, האָבן בייזלעך געענטפערט די כעלעמער חכמים, איר ווילט מן־הסתם אַ נדבה? אַן אָרעמאַן מוז וואַרטן ביז נאָך דער אסיפה פון קהל. שפּעטער וועט מען אייך געבן אַ פּרוטה און נאַכטלעגער אין הקדש.

דער ליטוואַק (עס קאָן זיין אַז ער איז געווען ר׳ פּיווקע פון דעם חיבור „שמחה פלאַכטע״), האָט זיך צעלאַכט און אַוועקגעלייגט דאָס זעקל אויף דער באַנק. ער האָט געזאָגט:

— ווייס איך וואָס! איך האָב געהערט ביי די רויטע יידעלעך, אַז מען קלויבט אַ מלך אין כעלם און עס פעלט אים נאָר די גאָלדענע קרוין. די רויטע יידעלעך טראָגן אַלע אינדערוואָכנס גאָלדענע קרוינען. שבת און יום־טוב טראָגן זיי קירהשע שטריימלעך מיט ספּיצן. האָב איך אַראָפּ־

געכאַפּט די גאָלדענע קרוין פונעם קאָפּ פון אַ סטאָט־נאַר פון די רויטע יידעלעך און זי אַהערגעברענגט פאַרן כעלעמער מלך.

דער ליטוואַק האָט אויסגעשיט דאָס זעקל. פונעם זעקל איז אַרויס־געפאַלן אַ גרויסע קיילעכדיקע קרוין פון עכטן זהב־טהור.

צוזאַמען מיט דער גאָלדענער קרוין איז פון זעקל אויך אַרויסגעפאַלן אַן אַלטע ציבעלע.

מען האָט דעם ליטוואַק געוואָלט נאָך עפּעס פרעגן נאָר ער האָט אויפאינדערגעשווינד אויפגעהויבן די ציבעלע און זי צוריק אַריינגעלייגט אין זעקל. ער האָט געטון אַ קוש די מזוזה, והילד איננו:

נישטאָ דער ליטוואַק.

# קאַפּיטל זעקס

דער כעלעמער מלך טראָגט אַ גאָלדענע קרוין אויף דער פּלייצע
און אַלץ בלייבט כמקדם

מען האָט געשיקט ר׳ מנשהן דעם בית־דין־שמש, אַז ער זאָל ברענגען דעם ערל מאַטשעקן צו קהל. מען וועט אים, דעם גוי, אָנטון די גאָלדענע קרוין און אים מאַכן פאַר כעלעמער מלך.

ר׳ מנשה האָט קוים מאַטשעקן אויסגעפונען. ער האָט געכראָפּעט לעבן אויוון פון דעם כעלעמער מרחץ. ר׳ מנשה האָט אים קוים דערוועקט און אים גערופן מיטצוגיין אין קהלס שטוב. מען גייט דיך מאַכן פאַר כעלעמער מלך, האָט ר׳ מנשה געזאָגט צו מאַטשעקן, און מען גייט דיר אָנטון אַ גאָלדענע קרוין אויפן קאָפּ.

מאַטשעק האָט נישט גוט פאַרשטאַנען וואָס מען וויל פון אים און האָט זיך רק געפרעגט צי ער וועט דערפאַר קריגן אַ גלעזל בראָנפן.

— מיט אַ שטיק שבתדיקע חלה, האָט ר׳ מנשה אים צוגעגעבן חשק. פאַר מאַטשעקן האָט עס געהייסן, אַז מען זאָגט אים צו גילדענע בערג.

ווען מען האָט מאַטשעקן אָנגעטון די גאָלדענע קרוין אויפן קאָפּ האָט ער געשריגן אַז זי קוועטשט אים, און אַז מען זאָל אים אָפּגילדן וועט ער נישט ווערן כעלעמער מלך.

איז ר׳ געצל גדליה דער זאאיקע באַלד געפאַלן אויף אַן עצה; דער עיקר איז דאָך דער כתר־מלכות — האָט ער געשטאַמלט — איז אויב מאַטשעק וויל די קרוין נישט טראָגן אויפן קאָפּ, טאָ זאָל מען זי אים צובינדן מיט אַ שטריקל און ער וועט זי טראָגן אויף דער פּלייצע. סיי־ווי וועלן אַלע זען אַז דאָ גייט דער כעלעמער מלך. וכך הוה.

***

מאַטשעק איז געוואָרן כעלעמער מלך און אין כעלם האָט זיך גאָר נישט געענדערט. ער האָט טאַקע געטראָגן אויף די פּלייצעס די גאָלדענע קרוין וואָס ר׳ פּייווקע דער ליטוואַק האָט געבראַנגט פון די רויטע יידע־לעך. אָבער פּרייטיק און ערב יום־טוב האָט ער ווייטער געהייצט דאָס מרחץ. שבת האָט ער מיט דער קרוין אויף די פּלייצעס געהייצט ביי יידן די אויוונס און אַראָפּגענומען די שבתדיקע לייכטער פון די טישן. ערב־פּסח האָט מען אים כמקדם פאַרקויפט כעלם מיט די בעבעכעס. כטוב לב המלך ביי״ש האָט ער זיך געוואַלגערט אין די כעלעמער בלאָטעס און טאַקע צו־זאַמען מיט דער גאָלדענער קרוין.

כעלעמער חכמים האָבן געזאָגט, אַז ר׳ יוסף לאָקש האָט אויסגעפירט דאָס זייניקע. כעלעמער יידן האָבן די חכמה אין די קעפּ און דאָס מלכות אויף די פּלייצעס פון מאַטשעקן. איי עס וואַלגערט זיך אַמאָל אין די בלאָ־טעס? מאַכט נישט אויס. מלכות בלייבט אומעטום מלכות.

***

אין כעלעמער פּינקס איז די דאָזיקע פרייִלעכע מעשה צוגעשריבן ווי אַ מוסר־השכל צו אַנדערע כעלעמער מעשיות. אויך מיר דערציילן זי בלויז ווי אַ מוסר־השכל און מיר האָבן נישט מער צוצוגעבן נייערט זי קאָן זיין אַ מוסר־השכל צו אַלע פּאַסירונגען אין דער וועלט. מחמת די גרעס־טע פּאַסירונגען פון דער וועלט זענען נישט מער ווי כעלעמער מעשיות.

# אַכטע מעשה

צוויי כעלעמער חכמים דערגייען זיך די יאָרן

# קאַפּיטל איינס

חכמה און שמחה זענען די צוויי זייטן פון דער אייגענער מטבע

וווּ עס איז דאָ עצבות קאָן נישט זיין קיין חכמה. אַ חכם וואָס גייט אַרום אַ פינצטערער און אַ מרה־שחורהדיקער גלייך ווי אַלע שיפן זענען אים אונטערגעגאַנגען און מען האָט ביי אים אויסגעכאַפּט די טויז רויט — איז אַ גרויסער ספק צי אַזאַ חכם האָט באמת אַ שייכות צו אמתער חכמה. ער איז נישט מער ווי אַ נאַר וואָס האָט זיך צוגעכאַפּט צו די שטרוי פון דער חכמה און קייט זי. אָבער ער האָט קיינמאָל נישט טועם געווען איר מעל.

חכמה און שמחה זענען די צוויי זייטן פון דער אייגענער מטבע. אויב מיר זעען אַ פריילעכן מענטש איז פאַראַן אַ גרויסער חשד אַז ער איז אויך אַ חכם. טאָמער זעט מען אָבער אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ — מעג ער טראָגן גרויסע שפּאַקולן אויף דער נאָז און אַ סך ספרים אונטערן אָרים — מיר קאָנען גיין אויפן געוועט אַז דאָס איז אַ גריילעכער טיפּש.

אַזוי ווי מיר האָבן דערציילט וואָס דאָס כעלעמער פינקס שרייבט פון כעלעמער חכמה, איז אויך כדאי צו דערציילן וואָס דאָס פינקס שרייבט פון כעלעמער פריילעכקייט. וואָסער ווערדע וואָלט געהאַט די כעלעמער קלוגשאַפט ווען זי וואָלט נישט געגאַנגען צוזאַמען מיט דער שמחה? לשם שמחה זענען די כעלעמער חכמים געווען קאַפּאַבל אָפּצוטון איינער דעם אַנדערן דאָס גרעסטע שפּיצל, ווי מיר וועלן עס אם ירצה השם דערציילן אין די ווייטערע קאַפּיטלען.

## קאַפּיטל צוויי

ר׳ יעקב מייטלס. — די זיבן גוטע יאָר און זייער סוף

אין כעלם האָבן געוווינט צוויי שותּפים, ר׳ יעקב מייטלס און ר׳ שמואל משה דודס.

איז קודם־כּל וועלן מיר דערציילן ווי אַזוי ר׳ יעקב מייטלס איז געוואָרן דער שותּף פון ר׳ שמואל משה דודס.

אַמאָל — נאָך איידער ר׳ יעקב איז געוואָרן ר׳ שמואלס שותּף — איז ער, ר׳ יעקב מייטלס, הייסט עס, געווען אַ גרויסער עושר און געשיקט געהילץ מיט דער ווייסל קיין דאַנציק. זיין נאָמען האָט געקלונגען איבער קרוין־פּוילן אַזש ביז צו די לייפּציקער ירידן. כעלם האָט אים געשאַצט אין די שווערע אלפים רענדלעך. אָבער מען האָט אים קיינמאָל נישט גענוג דערשאַצט. ר׳ יעקב מייטלס איז געווען קיין עין־הרע אָנגעשטאָפּט מיט געלט ביזן אויג. ער האָט געהאַלטן סאַמע אינמיטן פון די זיבן גוטע יאָר.

דערצו איז ער געווען אַ ייד אַ למדן־מופלג און אַ חריף, אָנגעשטאָפּט מיט ש״ס ופּוסקים.

אין די ווינטערס איז די ווייסל געווען פאַרקאָוועט מיט אייז. וועג און וואַלד אין פּוילן זענען געלעגן אונטערן טיפן שניי. אין יוצא ואין בא, ווי די וועלט וואָלט זיך אָנגעטון אַ ווייסן פּעלץ און לאָזט נישט צו זיך רעדן. ביז די ווייסל וועט טייען און זי וועט ווידער זיין ביכולת אַוועקצוטראָגן ר׳ יעקבס געהילץ קיין דאַנציק — איז ר׳ יעקב מייטלס דערווייל געזעסן יומם ולילה ביי דער גמרא און לא פּסק פּומיה.

האָבן דאָך אָבער די זיבן גוטע יאָר זייער סוף. קיין זאַך אויף דער וועלט איז נישט אייביק. אייביק איז דער רבונו של עולם און נישט די וועלט וואָס ער האָט באַשאַפן.

דרייט זיך דעריבער דאָס רעדעלע פון דער וועלט און מאַכט מיט מענטשן טאָג און נאַכט.

איינמאָל ביינאַכט זענען געוואָרן שטאַרקע שטורעם־ווינטן אויף דער ווייסל. עס האָט געשמיסן אַ שניי־רעגן ווי אַ וויסטער מבול. אויף דער ווייסל זענען נאָך געגאַנגען די לעצטע אייז־קריעס. ר׳ יעקב מייטלס האָט געהאַט אַרויסגעלאָזט אויפן וואַסער זיין גאַנץ פאַרמעגן. זיינע טראַטוועס זענען געשווומען קיין דאַנציק און דאָ ווערט די נאַכט־פינצטערניש אַלע־מאָל ליכטיק פון די בליצן. עס קנאַקן די דונערן. עס וואָיען און פייפן די שטורעם־ווינטן. עס זאַמלען זיך די קריעס איבער די פינצטערע וואַסערן ווי חיות רעות. די ווייסל שטעלט זיך כּאָדאָראָם און מען מיינט אַז די וועלט גייט אונטער.

פון ר׳ יעקב מייטלס טראַטוועס ווערט קיי און שפּיי. דאָס גאַנצע עושר וכבוד פונעם כעלעמער ייד ווערט צעשטויבט איבער שבעה ימים.

די גויים וואָס האָבן געפירט די טראַטוועס האָבן זיך קוים געראַטעוועט.

★

# קאַפּיטל דריי

ויבוא הפליט. — ר׳ יעקב מייטלס דערהערט איובס בשורות

יבוא הפליט. אַ גוי וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דעם מבול אויף דער ווייסל, האָט אינמיטן דער נאַכט אָנגעקלאַפּט ביי ר׳ יעקב מייטלס לאָדן און דערציילט פון דעם חורבן. ר׳ יעקב איז מיט אַמאָל געווויר געוואָרן, אַז די דונערן אין די הימלען און די ווינטן אויף דער ווייסל האָבן גענומען און אים געמאַכט פאַר אַ נאַקעטן אביון.

גראָד איז ער געזעסן ביי אַ נאַפט־לעמפּל און געשמאַק געלערנט גמרא.

ר׳ יעקב מייטלס האָט זיך אויפגעשטעלט, געזאָגט ה׳ נתן וה׳ לקח און אַוועקגעפאַלן אין חלשות.

## קאַפּיטל פיר

ר׳ יעקב מייטלס נעבעך אַ יורד

צומאָרגנס אינדערפרי איז כעלם געוויער געוואָרן ווי די ווייסל האָט גענומען ר׳ יעקבן און אים רחמנא ליצלן אַוועקגעשטעלט בדלות. פאַר הכמים זענען אַזעלכע שפּיצלעך פון דעם וועלט־רעדעלע וואָס דרייט זיך, נישט קיין נייעס. זיי ווייסן ווייל, אַז דער גאַנצער עושר וכבוד פון אַ בשר־ודם איז געגליכן צו אַ שטויבעלע אויפן וועג. אָט ליגט עס און אָט ווערט עס אַוועקגעטראָגן אין כף־הקל. אָבער פאָרט איז עס ר׳ יעקב מייטלס! אַ ייד, וואָס האָט געקלונגען מיט אַלע גלאָקן סיי אין פוילן און סיי איבער אירע גרענעצן.

די ערשטע טעג האָט זיך ר׳ יעקב נישט געוויזן פאַר די אויגן. אַ יורד נעבעך שעמט זיך. כאָטש, וואָס איז דאָ שולדיק ר׳ יעקב מייטלס ווען די ווייסל האָט גענומען און זיך צעשפּילט — מעשה שטן — אין בליצן און אין ווינטן און האָט צעריסן די טראַטוועס וואָס זענען אַזוי שיין געשוווּמען קיין דאַנציק?

נאָר אַזוי איז שוין דער דרך־האדם אויף אונדזער זינדיקער וועלט. קריגט עמעצער איבערן קאָפּ בויגט ער אים שפּעטער נאָך מער אַראָפּ.

כעלעמער יידן האָבן קוים געפּועלט ביי ר׳ יעקב מייטלס, אַז ער זאָל ווייטער דאַווענען אויף דער מזרח־וואַנט און זאָל זיך לאָזן מכבד זיין מיט ששי צי מיט סנדקאות. אַן אָרעמאַן איז ביי זיך געפאַלן.

וואָס איז דאָ אַ סך צו דערציילן! ר׳ יעקב איז געוואָרן רחמנא־ליצלן אַ מחוסר־לחם. אויף שבת האָט ער קוים געהאַט ברויט מיט אַ דאַרן הערינג.

## קאַפּיטל פינף

ר׳ שמואל ר׳ משה דודס איז אויך נעבעך אַ יורד. — דאַנציק ברענט מיט גאָלד און די יידן מאַכן שותפות

באותה העיר, טאַקע אין דעם אייגענעם כעלם, האָט געוווינט אַן אַנדערער ייד, אויך אַ סוחר, ער האָט געהייסן, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, ר׳ שמואל ר׳ משה דודס.

ווענדליק כעלעמער לומדות האָט עס געהייסן, אַז ר׳ שמואל איז אַ פּראָסטלעכער ייד. עפּעס מער ווי חומש מיט רש״י און אַ פּרק משניות איז אים נעבעך אָנגעקומען שווערלעך. אין כעלם האָט מען אויך אויף אים געקוקט ווי אויף אַ יורד. נישט חס־ושלום אַ יורד אין רענדלעך, נאָר אַ יורד אין די קליינע אותיות.

נאָר דער דאָזיקער ר׳ שמואל ר׳ משה דודס איז געווען אַ קלוגער און אַ פּיפּיקער ייד. אַ ייד וואָס האָט אַלצדינג געטון אויסגערעכנט און מיט חשבון. אפילו צווישן די כעלעמער חכמים האָט ר׳ שמואל געגאָלטן פאַר אַ קלוגן ייד.

ר׳ שמואל האָט געהאַנדלט מיט תבואות, דאָס הייסט, מיט קאָרן און מיט ווייץ. דעם תבואה־מסחר ווי אויך די גרויסע תבואה־שפּייכלערס האָט ער גענומען בירושה פון זיינע עלטערן. דאָס זענען געווען יידן וואָס האָבן זינט דור־דורות געהאַנדלט מיט תבואה.

דאָס רעדעלע פון דער וועלט איז דאָך אָבער געמאַכט, ווי מיר ווייסן, האַלב פון גאָלד און האַלב פון אייזן. אַמאָל גלאַנצט עס ווי דער טאָג און אַמאָל ווערט עס פינצטער ווי די נאַכט. מאַכט זיך ווידער אַ מעשה: גע־הילץ קיין דאַנציק האָט פלוצלינג אָנגעהויבן צו ברענען אין אַ גאָלדן קדחת. מען האָט עס געריסן פון די הענט. יידן זענען דערביי נתעשר געוואָרן.

האָט זיך ר׳ שמואל מיישב געווען: איצט וואָלט געווען דאָס גוטע מקום צו כאַפּן צוויי גאָלדענע פייגל מיט איין שאָס. אי עס איז אַ גרויסע מצווה צוריק אויפצושטעלן אויף די פיס אַזאַ חשובן יורד ווי ר׳ יעקב מייטלס, אי מען קאָן כאַפּן די אמתע מטבע ביי דאַנציקער געהילץ. ר׳ שמואל האָט וויל געוווסט: אָט דער ר׳ יעקב איז אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן מיט דאַנציק. וויניק אויסגעהאַקטע וועלדער האָט אים די ווייסל אַהין געטראָגן אויף אירע וואַסערן?

ר׳ שמואל ר׳ משה דודס האָט זיך פֿאַמעלעכל נאָך אַמאָל איבערגע־לייגט דעם ענין אַהין און צוריק. עס האָט זיך אים אַוועקגעלייגט אויפן שכל הישר. ער איז אַהינגעגאַנגען צו ר׳ יעקבן, אָנגעקלאַפּט ביי דער טיר און אַ קוש געטון די מזוזה. ער האָט זיך אַרומגעקוקט — ר׳ שמואל האָט געהאַט אַן אויג — און ער האָט געזען: ביים אַמאָליקן דאַנציקער סוחר פייפט, לא עליכם, דער דלות פון קאַלטן קוימען. ר׳ יעקב נעבעך זיצט אַ האַלב־הונגעריקער ביי אַ ספר.

האָט ר׳ שמואל נישט געמאַכט קיין לאַנגע מחזקות און אָנגעשלאָגן: ר׳ יעקבן צו מאַכן שותפות און פונדאָסניי פּרווון דאָס מזל אויף דער ווייסל.

ר׳ יעקב מייטלס האָט זיך דערין אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט. ער האָט געזען אַז אין הימל האָט מען נאָך אים נאָך נישט געזאָגט קיין רבנן־קדיש. צווישן די מלאכים וואָס שטייען ביים רעדעלע פון דער וועלט גע־פינט זיך נאָך פּאַר אים, ר׳ יעקבן אַ מליץ־יושר.

די יידן האָבן זיך געגעבן תקיעת־כף און געמאַכט שותפות.



„ר׳ שמואל האָט אָנגעשלאָגן ר׳ יעקבן צו מאַכן שותפות“

# קאַפּיטל זעקס

## דאָס רעדעלע פון דער וועלט

דאָס רעדעלע פון דער וועלט האָט זיך פאַר ר׳ יעקב מייטלס ווידער אַ דריי געטון מיט דער פוטער אַרויף. דאָס מזל איז אים אַוועק אויף אַ נייעם מזמור. די ווייסל האָט זיך מיישב געווען: וואָס וועט זי דאָ מיט אַ כעלעמער למדן מאַכן משוגענע שטיק? איז זי געוואָרן ווי אַ לעמעלע און שטיל געפלאַסן ווען אויף איר זענען געשווומען די טראַטוועס פון ר׳ יעקב מייטלס און ר׳ שמואל ר׳ משה דודס. מען האָט געזען בחוש, ווי אויף די הענט פון די צוויי יידן שפּילט די הצלחה. אַלע רוחות רעות, אַלע ווינטן און אַלע אייז־קריעס האָבן כמעט ווי בכיוון אויסגעמיטן דאָס געהילץ פון די כעלעמער שותפים ווען עס איז געגאַנגען קיין דאַנציק.

אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן.

# קאַפּיטל זיבן

ר׳ יעקב מייטלס פאָרט אַוועק אין די וועלדער ביי דער ווייסל

ויהי כי ארכו הימים — האָט ר׳ יעקב מייטלס באַדאַרפט, צוליב מסחר פאַרשטייט זיך, אַוועק אין די ווייטע וועלדער ביי דער ווייסל. גויים האָבן דאָרט געהאַקט דאָס האָלץ פון די כעלעמער שותפים. דיביימער, ארזי־לבנון, זענען געפאַלן פליוך גלייך אין וואַסער אַריין. די כעלעמער גבירים האָבן אפילו דאָרט אין די וועלדער געהאַט זיצן זייערע וואַלד־שרייבערס, אנשים נאמנים וואָס האָבן גערעכנט און פאַרשריבן. פונדעסט־וועגן מוז אַ באַלעבאָס אַמאָל אַ קוק טון אויף די הענט פון די ערלעכסטע מענטשן, די געטרייעסטע פרעמדע הענט טוען נישט דאָס זעלבע וואָס אייגענע הענט.

האָט מען איינגעשפּאַנט די גרויסע בויד. ר׳ יעקב מייטלס האָט זיך גאָר פיין געזעגנט מיט זיין שותף ר׳ שמואל, ווי אויך מיט ווייב און קינ־דערלעך. אין דער בויד אַריין האָט ער מיטגענומען דאָס שיינע סלאַוויטער ש״ס כדי אויפן גאַנצן וועג זאָל ער קאָנען זיצן אין דער בויד און לערנען. ער האָט געזאָגט תפילת־הדרך. אַרויסגענומען די גמרא און נאָך אין כעלם אָנגעהויבן דעם ערשטן דף פון דער מסיכתי ברכות.

ר׳ יעקב מייטלס איז תמיד געפאָרן מיט אַ יידישן שמייסער, מחמת ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ סכנה אַליין צו זיין מיט אַן עשו אויף די פוס־טע וועגן.

דער שמייסער האָט אַ לאָז געטון די סוסים און היידאַ!
מען איז אַרויסגעפאָרן פון כעלם.

## קאַפּיטל אַכט

אַ שקלא וטריא אין כעלעמער פּינקס

אין כעלעמער פּינקס טוט זיך אַ גאַנצער שקלא וטריא, הלמאי דער צווייטער שותף ר' שמואל ר' משה דודס האָט זיך פּלוצלינג מיישב געווען און געהייסן שפּאַנען די בריטשקע און בסוד סודות נאָכגעפּאָרן ר' יעקב מייטלס? מען קאָן דאָך נישט זאָגן, אַז ר' שמואל האָט, חלילה, געהאַט דעם מינדסטן ספק אין ר' יעקבס ערלעכקייט. — צי איז ער, ר' שמואל סתם געווען טשיקאַווע אַ קוק צו טון ווי ר' יעקב מייטלס איז זיך נוהג אין די וועלדער צווישן גויים?

מענטשן וואָס האָבן אַ שייכות צו דער פּען פאַלן איין די שאַלקהאַפ־טיקסטע געדאַנקען און זיי קאָנען אפילו אויסטראַכטן אויפן הימל אַ יריד. מן־הסתם זענען די שרייבער פון כעלעמער פּינקס אויף אַ האָר נישט גע־ווען בעסער ווי, בעוונותינו הרבים, די שרייבער אין אונדזערע צייטן. פונדעסטוועגן — אַזאַ חשד לגבי ר' שמואל ר' משה דודס האָט אפילו אַן אַמאָליקן שרייבער אין כעלם נישט געקאָנט אַרויפקומען אויף דער פּען.

אלא וואָס זשע דען? מן־הסתם איז ר' שמואל ר' משה דודס באַלד פון לכתחילה אָן אויסן געווען אַ שפּיצל. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, האָבן גראָד די קלוגסטע מענטש ליב אַמאָל אָפּצוטון אַ שקאָצישע מעשה. די חכמה האָט אַמאָל ליב אַ לאַך צו טון — און זאָל עס איר זיין צו געזונט.

# קאַפּיטל ניין

נעם, גימפּל, און שפּאַן איין די קאַרע פערד!

ווי מיר ווייסן, איז ר׳ יעקב מייטלס אָוועקגעפאָרן כאור. ר׳ שמואל ר׳ משה דודס האָט אָפּגעוואַרט אַ גאַנצן טאָג. ווען ס׳האָט געהאַלטן ביי זונ־זעצן האָט ר׳ שמואל אָפּגעדאַוונט מנחה און אַ געשריי געטון צום צווייטן שמייסער, אויך אַ ייד:

— נעם, גימפּל, און שפּאַן שוין איין די בריטשקע מיט די ביידע שאַרפע קאַרע פערד!

---

# קאַפּיטל צען

## אין דער דראַזשנער קרעטשמע

עס איז געווען אַ פינצטערע האַרבסטיקע נאַכט. די פעלדער זענען געלעגן אין די שמעקנדיקער חשכות. פון דעם חשכות אַרויס האָט מען געזען ווו־נישט־ווו שעמערירן אַ פייערל אין אַ פויערישער כאַטע. האַרט ביים שמייסער אויף ר׳ שמואלס בריטשקע האָט זיך געריכערט און געפלאַקערט אַ שטורקאַץ, כדי צו באַלייכטן דעם וועג און מען זאָל וויסן ווו צו פאָרן. פון די שאַרפע קאַרע פערד האָט מען נישט מער געזען ווי די, פון דער שטורקאַץ, רויט־באַלויכטענע הינטנס. די קעפּ פון די פערד וואָס זענען האָפערדיק געלאָפן האָבן אין גאַנצן געשטעקט אין דער האַרבסטיקער נאַכט־פינצטערניש.

מען איז געפאָרן און געפאָרן אויף אַ פוילישן זאַמדיקן וועג. ר׳ שמואל האָט אָנגעהויבן צו דרימלען.

פלוצלינג האָט מען פון דערווייטנס געזען אַ שטאַרק־באַלויכטענע כאַטע. מען האָט געהערט קולות פון מענטשן.

— ס׳איז די דראַזשנער קרעטשמע, ר׳ שמואלשי, האָט גימפּל דער שמייסער געזאָגט, זיך אויסגעדרייט צו ר׳ שמואלן און געוויזן אין דער פינצטער מיט דער בייטש.

מען איז פאַרפאָרן פאַר דער קרעטשמע. עס האָט זיך געטון אַ יריד פויערישע פורלעך. שטורקאַצן האָבן געפלאַקערט. אין דער נאַכט־פינצטערניש האָט מען געזען אויסגעשפּאַנטע פערד. ר׳ שמואל האָט זיך געריבן די אויגן פון דער שאַרפער ליכטיקייט.

דער בעל הקרעטשמע ר׳ יאַנקל, אַ דיקער ייד מיט פיאות און מיט אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ איז אַרויסגעלאָפן פון דער קרעטשמע און אָפּגעגעבן ר׳ שמואלן שלום־עליכם.

— געווען דאָ ר׳ יעקב מייטלס? האָט ר׳ שמואל געפרעגט דעם קרעטשמער.

— געווען, האָט דער קרעטשמער געענטפערט, ער האָט געגעסן וועטשערע און ווייטער אַוועקגעפאָרן מיט דער בויד.

— גוט, ר׳ יאַנקל, עס מאַכט זיך אַ קאַלטע נאַכט און עס פאַרנעמט זיך משמעות אויף רעגן, מיר וועלן דאָ ביי אייך איבערנעכטיקן, האָט ר׳ שמואל געזאָגט, אַראָפּגעקראָכן פון דער בריטשקע און געהייסן גימפּלען דעם שמייסער אויספּאַנען די סוסים און זיי אַריינפירן אין שטאַל.

ר׳ שמואל האָט געלייענט קריעת־שמע און זיך באַלד געלייגט שלאָפן. אינעם אינדרויסן האָבן זיך נאָך לאַנג געטומלט די פויערים. ר׳ שמואל האָט נאָך אַמאָל איבערגעטראַכט און אויסגערעכנט דעם שקאָצישן פּלאַן ווי אַזוי ר׳ יעקבן אָפּצוטון אַ שפּיצל. מען וועט עס מאַכן אויף טערקיש, האָט ער זיך אַ צופרידענער אויסגעלאַכט. מיטן קאָפּ אין די קישנס האָט ער געזאָגט המפּיל און איז באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

# קאַפּיטל עלף

עס רעגנט און ר׳ שמואל פאָרט אין די בלאָטעס. — אין דער פוסטער קרעטשמע. — אַ קרעטשמער מוז האַלטן די צונג.

ר׳ שמואל משה דודס איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי. אין דרויסן האָט געגאָסן אַ רעגן. איבערנאַכט האָט זיך אַלצדינג פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסע בלאָטע. פאַרפאַלן! האָט ר׳ שמואל געטראַכט, מען מוז פאָרן ווייטער און פאַקן ר׳ יעקבס מייטלס. ער האָט אָפּגעדאַוונט אויפאינדערגעשווינד, געגעסן אָנבייסן, און געהייסן גימפּלען דעם שמייסער־יונג איינשפּאַנען די ברישקע.

דאָס האַרבסטיקע מבול האָט נישט אויפגעהערט. ר׳ שמואל האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט איבער די בלאָטעס. אין יעדער קרעטשמע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט אויף ר׳ יעקבן. אומעטום האָט ער באַקומען די אייגענע תשובה: געווען און ווייטער געפאָרן.

אַזוי איז אַדורכגעגאַנגען דער טאָג. דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט. ר׳ שמואל האָט שוין ביי זיך געטראַכט: זיך מוסר־נפש זיין אויף אָפּצוטון ר׳ יעקבן אַ שפּיצל — ניין! עס לוינט זיך נישט, און עס איז אַ יושר צו זאָגן נאַזאַד און צוריק צופאָרן קיין כעלם. איז ער אָבער פאָרט געווען אַ ייד אַן עקשן, און האָט ביי זיך געטראַכט: איך וועל נאָך פרעגן אין איין קרעטשמע. טאָמער זאָגט מען דאָרט אויך: אַוועקגעפאָרן! — הייס איך גימפּלען אויסדרייען דעם דישל.

עס האָט אַזוי גענומען בערך צוויי שעה צייט. ווידער אַ קרעטשמע. ס׳האָט אָנגעהויבן צו ווערן פינצטערלעך און דער גאַס־רעגן האָט גאָר נישט געוואָלט אויפהערן.

אין קרעטשמע איז פוסט. משמעות וויל קיינער נישט אַהער קומען אין אַזאַ מבול.

גימפל דער שמייסער קלאַפּט אָן מיט דער בייטש אין אַ פענצטער. עס בויגט זיך אַרויס אַ קאָפּ פון אַן עלטערער יידענע.

— געווען דאָ ר׳ יעקב מייטלס פון כעלם? פרעגט ר׳ שמואל אַראָפּ פון דער בריטשקע.

די יידענע שטעקט צוריק אַריין דעם קאָפּ. פון דער קרעטשמע־טיר קומט אַרויס אַן עלטערער ייד אין אַ קוטשמע. משמעות, דער ייד מוז מורא האָבן פאַרן רעגן, מחמת ער שטייט כסדר אינעווייניק אין דער טיר און וויל נישט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ אויפן אינדרויסן.

— געווען דאָ ר׳ יעקב מייטלס? פרעגט ר׳ שמואל שוין גאָר אַ בייזער.

— געווען, ענטפערט דער ייד, נאָר ער איז אַוועקגעפאָרן.

— אַוועקגעפאָרן? פרעגט ר׳ שמואל און שטעלט זיך אויף אין דער בריטשקע און לאָזט דעם ייד ווייטער נישט רעדן.

— ר׳ יעקב מייטלס איז אַוועקגעפאָרן און איז באַלד צוריק געקומען, זאָגט זייער פאַמעלעכל דער ייד אין דער קוטשמע און רירט זיך נישט אי־בער דער שוועל.

— וואָס הייסט אַוועקגעפאָרן און צוריק געקומען? קאָכט זיך ר׳ שמואל ר׳ משה דודס.

דער קרעטשמער שטעקט אַרויס אַ פינגער אויפן רעגן און ווייזט אין דער וועלט אַריין:

— ר׳ יעקב איז אַוועקגעפאָרן און איז באַלד צוריק געקומען. קוקט אָן דאָס מבול! ער האָט זיך געלייגט שלאָפן און זיך געהייסן וועקן אינ־מיטן דער נאַכט. ער מוז פאָרן, האָט ער געזאָגט. צו וויסן ווי אַוועקצופאָרן אין דער פינצטערניש, האָט ער די בויד געהייסן אויסדרייען מיטן דישל צו דער ווייסל און מיטן הינטן צו כעלם. אין דער פינצטער קאָן זיך דער שמייסער טועה זיין און צוריק פאָרן קיין כעלם.

— גוט, האָט ר׳ שמואל ר׳ משה דודס געזאָגט און אַראָפּגעקראָכן פון דער בריטשקע, נאָר זאָגט נישט ר׳ יעקבן, אַז איך בין אויך אין דער קרעטשמע.

— אַ קרעטשמער מוז האַלטן די צונג ווען מען הייסט אים, האָט געזאָגט דער ייד אין דער קוטשמע און זיך אַ גלעט געטון פאַר דער באָרד.

— און דו, גימפּל, האָט ר׳ שמואל געזאָגט צום שמייסער, פיר אַריין די פערד אין שטאַל און די בריטשקע שטעל אַזוי אַוועק אַז מען זאָל זי נישט זען.

— גוט, ר׳ שמואלשי! האָט גימפּל דער שמייסער געזאָגט און אין גרויסן רעגן זיך אָנגעהויבן צו פּאָרען ביי די דורכגענעצטע פערד.

★

## קאַפּיטל צוועלף

ר׳ שמואל דרייט אויס ר׳ יעקבס בויד און רייבט זיך די הענט

ס׳איז געווען גוט פינצטער. דער רעגן האָט ווייטער געכליאַפּעט ווי מיט צעבערס. ר׳ שמואל ר׳ משה דודס צוזאַמען מיט גימפּלען דעם שמייסער־יונג זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן הינטער־הויף פון דער קרעטשמע. זיי האָבן געטאָפּטשעט אין דער בלאָטע און זענען צוגעקומען צו ר׳ יעקבס בויד. די בויד איז געשטאַנען ווי אַ האָפּערדיקע מיטן דישל צום אָפענעם טויער וואָס פירט אַרויס אויפן וועג צו דער ווייסל. נישט געקוקט אויף דעם רעגן וואָס האָט אויף איר געכליאַפּעט און נישט געקוקט וואָס זי איז געשטאַנען מיט האַלבע רעדער טיף אין דער בלאָטע, האָט זי, ר׳ יעקבס בויד, גאָר אויסגעזען ווי עס וואָלט איר הנאה געטון צו שטיין און צו וואַרטן אין דער חשכות אויף ר׳ יעקב מייטלס.

ר׳ שמואל ר׳ משה דודס און גימפּל דער שמייסער האָבן פּאַמעלעכל צוריק אויסגעדרייט די בויד מיטן דישל צום הינטערשטן טויער וואָס פירט צוריק אויפן וועג קיין כעלם. דאָס טויער האָבן זיי אויפגעפּראַלט כדי ר׳ יעקב זאָל מיינען אַז עס איז דאָס ריכטיקע. אין רעגן און אין דער בלאָטע איז עס פאַר ר׳ שמואלן מיטן שמייסער געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט. נאָר וואָס טוט נישט אַ כעלעמער חכם צוליב אַ שפּיצל?

— גיי לייג זיך שלאָפן און קיין בן־אדם זאָל דיך נישט זען. אויך ר׳ יעקבס שמייסער טאָר נישט וויסן פון אונדזער געביין, האָט ר׳ שמואל געזאָגט צו גימפּלען.

— אַ שמייסער־יונג ווייסט ווי אַזוי צו האַלטן די צונג, ר׳ שמואלשי, האָט גימפּל געענטפערט און צוריק געגאַנגען אין דער קרעטשמע.

נאָך אינדרויסן אויפן רעגן האָט זיך ר׳ שמואל אַ פריילעכער געריבן אין די הענט. ער איז צוריק געגאַנגען אין זיין חדרל אין דער קרעטשמע, פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די אויסגעווייקטע בגדים און די פאַרבלאָטיקטע שטיוואַלעס, האָט געלייענט קריאת־שמע און זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן אַ שטאַרק צופרידענער.

## קאַפּיטל דרייצן

כעלעמער חכמים טוען אַ קוק — עס איז כעלם!

כפי המדובר — ווי ר׳ יעקב מייטלס האָט געהאַט אָפּגערעדט מיטן בעל־הקרעטשמע, האָט אים יענער, דער קרעטשמער הייסט עס, געוועקט אין דער מיט נאַכט. ר׳ יעקב מיטן שמייסער גייען אַרויס אויפן הויף. עס איז ממש געווען וימש חושך. פינצטער ווי אין אַ זאַק. מען האָט נישט געזען די אייגענע נאָז. דערצו האָט דער רעגן געכליאַפּעט מיט אַ נייעם חשק. פאַרפאַלן, מען מוז פאָרן.

ר׳ יעקב מיטן שמייסער האָבן זיך קוים צוגעקריגן צו דער בויד און קוים געזען איינצושפּאַנען די סוסים.

— וווהין צו פאָרן, האָט ר׳ יעקב געזאָגט צום שמייסער דאַרפן מיר נישט פרעגן. מיר האָבן עס נעכטן געמאַכט גאָר קלוג און דעם דישל אַרויסגעשטעלט מיטן שפּיץ אויפן ריכטיקן וועג.

— אוודאי, ר׳ יעקבשי, האָבן מיר עס געמאַכט ווי אמתע כעלעמער חכמים, האָט דער שמייסער געזאָגט און אַרויפגעקראָכן אויפן באָק, כעלע־מער זענען, ברוך־השם, קליגער ווי אַלע רעגנס און אַלע פינצטערנישן. מיר האָבן די בויד אַזוי אַוועקגעשטעלט, אַז אפילו אַ בלינדער וואָלט אויך געטראָפן וווהין צו פאָרן.

— נו, פאָר, כאַצקל, האָט ר׳ יעקב מייטלס אַ צופרידענער געזאָגט צום שמייסער. אין דער פינצטער האָט דער שמייסער אַ שאַרפן קנאַל גע־טון מיט דער בייטש.

די בויד האָט גערירט פון אָרט.

אַזוי זענען זיי געשמאַק געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט. והנה הבוקר אור — עס האָט אָנגעהויבן צו שאַריען אויף טאָג. טראַכט ר׳ יעקב: אָט וועל איך שוין, אם ירצה השם, באַלד זיין אין די וועלדער. ער טוט אַ קוק — כעלם!

## קאַפּיטל פערצן

גאַנץ פּוילן וועט לאַכן אין די פויסטן

ווען ר׳ יעקב מייטלס איז אַהיימגעקומען קיין כעלם און האָט געהערט פון זיין אשה אַז דער שותּף ר׳ שמואל האָט געוואַרט אַ טאָג און איז אים נאָכגעפאָרן — האָט ער, ר׳ יעקב, באַלד פאַרשטאַנען דאָס שפּיצל. ר׳ שמואל האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין יענער קרעטשמע און אים אויסגע־דרייט די בויד מיטן דישל קיין כעלם! אַ כעלעמער ייד דאַרף מען נישט אַריינשטעקן קיין פינגער אין מויל.

— אויב ער איז יאָ אַזאַ חכם דער דאָזיקער שמואל, האָט ר׳ יעקב ביי זיך געטראַכט, און האָט מיר אָפּגעטון אויף טערקיש שבטערקיש, וועל איך אים אָפּדינען מיט אַ שפּיצל אַז ער וועט עס האָבן צו געדענקען אויף קינדס־קינדער. ער וועט זיך גוט קראַצן. גאַנץ פּוילן וועט שטיין און קוקן און לאַכן אין די פויסטן.

# קאַפּיטל פופצן

ר׳ שמואל פּאָרט אַוועק עד יעבור זעם

דערווייל וועלן מיר איבערלאָזן די בת־מלכה, דאָס הייסט, ר׳ יעקב מייטלס אין כעלם ווי אַזוי ער טראַכט אָפּצוטון ר׳ שמואלן, און מיר וועלן אויף אַ רגעלע אַ קוק טון וואָס עס טוט זיך ביים בן־מלך, דאָס הייסט, ביי ר׳ שמואל ר׳ משה דודס אין דער קרעטשמע.

ר׳ שמואל איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי און איז קודם־כל אַרויס־געגאַנגען אַ קוק טון אויפן הויף. עס רעגנט נאָך. ר׳ שמואל איז טשיקאַווע צו וויסן ווהין ר׳ יעקב מייטלס איז געפאָרן מיט דער בויד? ער טוט אַ קוק: דאָס טויער צום וועג קיין כעלם שטייט אויפגעפּראַלט.

— ער איז געפאָרן קיין כעלם, דער לעקיש, לאַכט ר׳ שמואל און רייבט זיך די הענט. גאַנץ כעלם וועט שטיין און קוקן און לאַכן אין די פויסטן און עס שפּעטער דערציילן פאַר קינדס־קינדער.

האָט דאָך אָבער ר׳ שמואל געוווסט: שפּיצל אַהער, שפּיצל אַהין — ר׳ יעקב מייטלס וועט זיין גוט אין כעס הלמאי מען האָט אים צוריקגע־ברענגט ווי אַ נאַר אויפן כעלעמער יריד. קינד און קייט אין שטאָט האַלטן זיך ביי די זייטן. האָט ער זיך, ר׳ שמואל, מיישב געווען: עד יעבור זעם, ביז ר׳ יעקבן וועט פאַרגיין די רוגזה, וועל איך דערווייל הייסן גימפּלען, דעם שמייסער, איינשפּאַנען די בריטשקע און אַוועקפאָרן אין די וועלדער אַריין במקום ר׳ יעקבן. איך, ר׳ שמואל, וועל אַלצדינג דאָרט פאַריכטן בכי־טוב. ר׳ יעקב אַליין וועט זיין צופרידן. דער כעס וועט אים פאַרגיין און ער וועט מיר גאָר דאַנקען פאַר דער טובה וואָס איז אַרויסגעקומען פונעם שפּיצל. מה רעש? איך, שמואל, בין געשטאַנען און געקוקט ווי די ביימער פאַלן אין דער ווייסל אַריין און כ׳האָב נאָכגערעכנט די חשבונות, און ער, ר׳ יעקב, האָט אין דער היים אין כעלם דערפאַר געמאַכט אַ סיום אויף ש״ס.

— שפּאַן איין, גימפּל, די בריטשקע און פאָר ווייטער! האָט ר׳ שמואל ר׳ משה דודס אַ געשריי געטון צום שמייסער־יונג.

# קאַפּיטל זעכצן

שפּיל זיך מיט אַ למדן!

ר׳ יעקב מייטלס איז אָבער נישט געווען פון די יידן וואָס זענען מוחל ווען מען שפּייט זיי אין דער קאַשע און מען שטעלט זיי אויס צום לייטישן געלעכטער. עס האָט אין אים געברענט די רוגזה. כעלם האָט טאַקע געלאַכט. ר׳ יעקב האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז כלומרשט לאַכט ער מיט פון דער שקאָצישער המצאה פון זיין שותף ר׳ שמואל. כלומרשט האָט ער געדראָעט מיטן פינגער און געזאָגט, נו, נו. אין האַרצן האָט אים געטאָטשעט דער פּאַרדרוס. ווי מיר ווייסן, איז אַ תלמוד־חכם אַ נוקם ונוטר כנחש. ר׳ יעקב מייטלס האָט נישט אַוועקגעלייגט די הענט אין קימ־פּעט און האָט געטראַכט ר׳ שמואלן צוריקצוצאָלן מיט אַזאַ פול שעפל, אַז אַ פּראָסטער ייד וואָס קאָן נישט מער ווי חומש מיט רש״י זאָל וויסן ווי אַזוי מען שפּילט זיך מיט אַ ייד אַ למדן.

# קאַפּיטל זיבעצן

אַ קאַטשקע פליט איבער כעלם, און ר׳ יעקב גרייט צו די פרשה בלק

ויהי היום — פלוצלינג זעט מען, ר׳ יעקב מייטלס איננו. ער האָט זיך מיט קיינעם נישט געזעגנט און אַוועקגעפאָרן פון כעלם. די שותפטע, ר׳ שמואלס ווייב, ווי אויך שכנים, פרעגן ביי ר׳ יעקבס פלוניתטע: וואָס איז עפּעס ר׳ יעקב אַוועקגעפאָרן אָן אַ זיי־געזונט? און וווהין איז ער גע־פאָרן?

ר׳ יעקבס אשה (זעט אויס אַזוי האָט ר׳ יעקב געהייסן) האָט זיך גע־מאַכט תמעוואַטע און געענטפערט:

— אַ קשיא וווהין אַ ייד אַ סוחר פאָרט אַוועק? ער איז געפאָרן צו ר׳ שמואלן אין די וועלדער. עס ברענט דאָרט ווי אויף הייסע קוילן. מען דאַרף צו האָבן דעם צווייטן שותף.

אַזוי ענטפערט די קלוגע כעלעמער יידענע. ר׳ יעקב זיצט אין אַלקער און הערט הינטער דער טיר די תשובה פון זיין פלוניתטע. ער קוועלט און האָט הנאה. זי מאַכט עס גאָר ממזריש, די יידענע, טראַכט ר׳ יעקב הינטער דער טיר. אין דער אמתן האָט זיך ר׳ יעקב אויסבאַהאַלטן און האָט אַרויס־געלאָזט אַן עורבא פרח, אַ קאַטשקע, הייסט עס, וואָס זאָל פליען איבער כעלם און דערציילן, אַז ער, ר׳ יעקב, איז אַוועקגעפאָרן צו ר׳ שמואלן אין די וועלדער.

אין אַ פאָר טעג אַרום, אין אַ פינצטערער נאַכט ווען כעלם איז שוין געשלאָפן, האָט ר׳ יעקב געהייסן דעם שמייסער איינשפּאַנען די בויד. ער איז אַרויסגעפאָרן פון כעלם אויף אַ מהלך פון עטלעכע ווערסט. אין שאָטן פון אַ וועלדל האָט ער אָפּגעוואַרט ביז עס וועט ווערן טאָג. גראָד איז עס געווען אַ יריד־טאָג. פון אַלע דערפער זענען אָנגעקומען גויים צופוסנס און אויף פורלעך. גאַנץ כעלם איז געווען אינדרויסן פון כלחוך.

הייסט ר׳ יעקב דעם שמייסער צוריק פֿאָרן אין שטאָט. גאַנץ כעלם זעט ווי דער דאַנציקער סוחר ר׳ יעקב איז צוריק געקומען פֿון זיינע וועלדער ביי דער ווייסל.

פֿון אַלע זייטן ציען יידן צו אים אויס די הענט און שטעקן אים שלום־עליכם.

ר׳ יעקב קומט אַהיים און שיקט תיכף ומיד אַ שליח מיוחד צו ר׳ שמואלס ווייב אַז זי זאָל למען־השם באַלד קומען. די יידענע קומט צולויפֿן. זי טוט אַ קוק אויף ר׳ יעקבן און זי דערקענט נישט דעם ייד. ער זיצט אַ מרה־שחורהדיקער. כלומרשט קאָן ער איר נישט קוקן אין די אויגן אַריין. עפּעס וויל ער פֿאַר איר ווי אויסבאַהאַלטן.

דער יידענע פֿאַלט אַרויס דאָס האַרץ און זי ווערט בלאַס ווי די וואַנט,

⁂

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועלן מיר דערציילן ווי אַ ייד אַ למדן לערנט די פּרשה בלק מיט אַ ייד וואָס קאָן נישט מער ווי חומש מיט רש״י.

# קאַפּיטל אַכצן

חנה שפּרינצע ווערט אַ וויסטע אלמנה

ר׳ שמואלס ווייב — זי האָט געהייסן חנה שפּרינצע — איז אַ ביסל צו זיך געקומען. זי האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געטון אויף ר׳ יעקבן.

דער ייד זיצט אַ פינצטערער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— האָט איר געבּרענגט אַ בריוו פון מיין מאַן, ר׳ יעקבשי? האָט די יידענע קוים אַרויסגערעדט מיט טויט־בלאַסע לעפצן.

ר׳ יעקב שווייגט ווי די וואַנט.

די יידענע זעט, אַז ס׳איז נישט גוט און זי הייבט אָן צו וויינען.

ר׳ יעקב נעמט פּאַמעלעכל אַרויס אַ פּאַפּיר פון דער קעשענע און דערלאַנגט עס חנה שפּרינצען צו לייענען. פּאַרצייטנס האָבן ווייבער נישט גע־קאָנט לייענען קיין געשריבנס. ר׳ יעקב נעמט דאָס פּאַפּירל און לייענט מיט אַ שטיל און פינצטערער קול און טוט ביי יעדן וואָרט אַ טיפן זיפץ.

ר׳ שמואל ר׳ משה דודס שרייבט דאָרט צו די קינדער, אַז זיי זאָלן למען השם אָרנטלעך באַהאַנדלען די אַלטע מאַמע.

די יידענע חנה שפּרינצע האָט נישט מער באַדאַרפט און זי איז אַרויס מיט אַ יללה.

שפּעטער האָט ר׳ יעקב דערציילט ווו און ווען ר׳ שמואל איז נישט פאַר קיין ייד געדאַכט, געשטאָרבן. אַ לוויה האָט ער געהאַט, מעג זיך עס יעדער ייד ווינטשן ווען ער וועט דערלאַנגען די הונדערט און צוואַנציק.

חנה שפּרינצע איז אַהיים געגאַנגען אַ ווְיינענדיקע. כעלם איז נישט גרויס און ר׳ שמואלס אויסגעגעבענע קינדער האָבן באַלד דערהערט פון דעם אומגליק. די אבלים האָבן זיך קורע געווען און זיך אַוועקגעזעצט שבעה. כעלעמער יידן זענען געקומען מנחם־אבל זיין. ביי ר׳ שמואלן אין שלאָף־שטוב האָט מען אָנגעצונדן אַ יאָרצייט־ליכט און אַלע טאָג געמאַכט דאָרטן אַ מנין. די זין האָבן געזאָגט קדיש. כעלם האָט נאָכגעזאָגט ר׳ שמו־אלן שבחים ווי געוויינטלעך נאָך אַ נפטר.

## קאַפּיטל ניינצן

א מענטש שטאַרבט, אָבער די וועלט בלייבט וועלט

גזירה על המת שישתכח מן הלב — וויפל מען זאָל נישט וויינען און קלאָגן נאָך אַ טויטן — וואָס די ערד פאַרשיט, פאַרגעסט זיך.

די צייט לעשט אויס דעם זכרון פון אַ בר־מינן ווי מען בלאָזט אויס אַ ליכט.

נאָך דער שבעה האָט אַלצדינג ביי ר׳ שמואלן אין הויז אָנגעהויבן פּאַמעלעכל צו ווערן כמקדם. די אויסגעגעבענע זין און טעכטער זיינע זענען צוריק געגאַנגען אין זייערע קראָמען און געפירט מסחר. אַ מענטש שטאַרבט טאַקע, אָבער די וועלט בלייבט וועלט.

עס האָט נישט לאַנג גענומען, און ר׳ שמואלס מרת חנה שפּרינצע האָט זיך פּאַמעלעך צוגעוווינט, אַז דאָס צווייטע בעט אין שלאָף־שטוב שטייט ליידיק און אַז זי וועט שוין מער נישט הערן ר׳ שמואלס קידוש. זי האָט אַ קוק אַריין געטון אין שפּיגל, חנה שפּרינצע, און האָט געזען, אַז זי איז נאָך גאָר נישט קיין אַלטע יידענע. ביי יידן זענען ברוך־השם נישט פאַראַן קיין קלויסטערס. עס טרעפן זיך אַזעלכע מעשיות. מען קאָן נאָך האָבן פרישע גוטע יאָרן ביי אַ צווייטן מאַן. זי האָט אָנגעהויבן צו קוקן שדכנים אין די אויגן אַריין.

כעלעמער שדכנים האָבן זיך אַרומגעקוקט איבער כעלם און געזוכט אַ לייטישן אלמן צי אַ גרוש.

דאָס רעדעלע פון דער וועלט דרייט זיך. עס שטעלט זיך נישט אָפּ אפילו ביי דער שווערד פון מלאך־המות.

## קאַפּיטל צוואַנציק

חנה שפּרינצע חלומט פון דער גילדענער יויך און ר׳ שמואל קלאַפּט
ביים פענצטער

ויהי בלילה ההוא — ווי מיר ווייסן האָבן פרעמדע יידן צוגעגנבעט די כעלעמער לבנה. אין כעלם זענען טאַקע ווידער געוואָרן פינצטערע נעכט. גראָד האָט אינדרויסן געכליאַפּעט דאָס מבול און איבער די כעלע־מער פינצטערנישן האָבן געפּיפּן די ווינטן.

האשה מרת חנה שפּרינצע איז שוין געלעגן אונטער דער פּערענע און געהאַלטן ביים איינדרימלען. די אויגן האָבן זיך איר אָנגעהויבן קלעפּן. זי האָט שוין געחלומט. פון וואָס זי האָט געחלומט וועל איך נישט דער־ציילן. די חשובע לייענערינס וואָלט עס פאַרדראָסן צו הערן ווי אַ כעלעמער יידענע ווארט צומאָל נישט אָפּ די שלושים און זעט שוין אין חלום ווי דער מלאך פימפער טראָגט איר צו אַ נייעם טעלער מיט גילדענע יויך.

צי מחמת דעם זיסן חלום, צי מחמת דעם גרויסן רעגן, האָט חנה שפּרינצע נישט דערהערט ווי אינדרויסן פאָרט אָן אַ בריטשקע. דערפאַר האָט זי דערהערט ווי מען קלאַפּט שטאַרק ביים פענצטער.

מרת חנה שפּרינצע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און געפרעגט פון בעט אַרויס:

— ווער איז עס? און ווער קלאַפּט אין די שויבן?

— ס׳איז איך — האָט פון דרויסן געענטפערט א קול.

— וואָסערער איך? — האָט געפרעגט מרת חנה שפּרינצע — און דאָס הארץ האָט ביי איר אָנגעהויבן קלאפּן ווי ביי אַ גזלן.

— ס׳איז איך, שמואל, — האָט געענטפערט דאָס קול ווי עס וואָלט נישט געהאט קיין צייט.

האשה מרת חנה שפּרינצע איז פּלוצים באַגאָסן געוואָרן מיט קאַלטן

שוויס. עס איז איר געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען די ביטערע מעשה. זי איז א וויסטע אלמנה אליין ביינאַכט אין שטוב און אין דרויסן, אין דער פינצטערניש און אין רעגן, קלאפּט אין פענצטער דער מת־טהור, איר מאן ר' שמואל. עס איז מן־הסתם חצות, און די מתים גייען דאווענען אין דער כעלעמער שול. גייענדיק אין שול אַריין האָט ר' שמואל, זעט זיך אויס, געוואָלט דערווייל אַ קוק טון וואָס עס מאַכט זיין געוועזענע אשה און ער שטייט און פּויקט אין די שויבן.

האשה מרת חנה שפּרינצע האָט געוואָלט צולויפן צו דער מזוזה און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר דעם שרעקלעכן ביינאַכטיקן גאַסט. די פיס אירע זענען אָבער געלעגן ווי געליימטע. זי האָט בלויז באוויזן אַרויסצו־לאָזן פון זיך אַ ביטער געוואלד:

— שמואל! — האָט חנה שפּרינצע געשריגן מיט די לעצטע כוחות — וואָס האָסטו צו מיר? טראָג זיך אָפּ פון פענצטער און גיי אין דיין רו אַריין! איך האָב געוווינט מיט דיר אַזאַ לאַנגע צייט און מיר האָבן געלעבט צווישן זיך אָרנטלעך. איך האָב געפאָלגט דיין צוואה. איך בעט דיך, גיי אין דיין רו אַריין. איך האָב נאָך צוויי קליינע קינדער אין דער היים, איך דאַרף זיי מדריך צו זיין.

ביים פענצטער האָט עס נאָך אביסל געקלאפּט — און עס האָט אויפ־געהערט צו קלאַפּן.

חנה שפּרינצע, אונטער דער פּערענע, האָט געציטערט ווי אַ בלאַט. זי האָט אַהינגעקוקט צו דער מזוזה און מיט טויט־בלאַסע ליפּן געזאָגט אַ תחינה פון שרה בת טובים.

# קאַפּיטל איין און צוואַנציק

ר׳ שמואל קלאַפּט ווידער אין פענצטער.

**א** ינדרויסן איז ר׳ שמואל, ר׳ משה דודס, געשטאַנען אין ווינט, אין רעגן און אין נאַכט־פינצטערניש. תחילת האָט ער זיך אליין דערשראָקן. שפּעטער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָ האָט אים זיין שותף געמוזט אָפּטון אַ שפּיצל. ער האָט געוווּסט, אַז ער קלאַפּט אומזיסט און אַז איצט, אינמיטן דער נאַכט, וועט חנה שפּרינגען איבער אים נישט עפענען. האָט ער זיך מיישב געווען און אַוועקגעלאָפן צו דער אויסגעגעבענער טאָכטער ראַצע גיטל, וואָס האָט אויך געוווינט אין כעלם.

ער קלאַפּט דאָרט אָן ביים לאָדן.

ווידער הערט ער פון אינעווייניק אַ דערשראָקן קול:

— ווער איז עס?

— איך, דייַן טאַטע שמואל — ענטפערט פון דרויסן אין רעגן, אין ווינט און אין פינצטערניש ר׳ שמואל, ר׳ משה דודס.

ער הערט פון אינעווייניק אַ יאָמערלעך געוואַלד:

— טייערער טאַטע, גיי צוריק אין דיין רו אַריין און האָב רחמנות אויף מיין מאַן און קינדערלעך. זיבן טעג בין איך נאָך דיר געזעסן שבעה אין די זאָקן און אויפן פוס־בענקל. איך וואָלט אויך געווען נאָך דיר גע־זאָגט קדיש, ווען איך וואָלט נאָר געווען אַ מאַנסביל.

ר׳ שמואל זעט, אַז עס איז ביטער. אין זיין הויזגעזינד קוקט מען אויף אים ווי אויף אַ מת־טהור, וואָס וואָגלט אַרום אין כעלעמער נעכט און קלאַפּט ביי די פענצטער. ער האָט זיך מיישב געווען, אַז ביז אינדערפרי וועט ער שוין מיט די אָפּגעשראָקענע ווייבער גאָרנישט מאַכן. דערוויל כליאַפּעט דער מבול און ער איז דורכגעווייקט ביזן ביין. וועל איך דערוויל אַריבערגיין — טראַכט ר׳ שמואל — צום פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש, און ייעל דאָרט איבערוואַרטן ביז עס וועט ווערן כאור.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

עס איז קאַליע געוואָרן אין קעניגרייך כעלם. — דער מת־טהור קלאַפּט ביים פּרנס־חודש.

בלילה ההוא — אין דער דאָזיקער נאַכט, איז גראָד ביי ר׳ יוסף לאָקשן געווען ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש און זיי האָבן געהאַט צו רעדן וועגן פאַרשידענע עניני בית־הכנסת. ר׳ מנשה האָט זיך פאַרן פּרנס־חודש באַקלאָגט אויפן גבאי־שני, ר׳ מעכטשע, אַז שבת פאַרטיילט ער נישט ריכטיק די עליות. ער גיט ששי גראָד אַזאַ עמיצן, וואָס קאָן נאָך גוט באַשטיין צו באַקומען רביעי.

ר׳ יוסף לאָקש האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און אָפּגעזיפצט. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין קעניגרייך כעלם.

ווי ר׳ מנשה קאָכט זיך און ר׳ יוסף זיפצט, הערט מען פּלוצים שטאַרק קלאַפּן ביים פענצטער.

— ווער איז עס? — פרעגט דער פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש.

— ס׳איז איך — ענטפערט פון דרויסן א הייזעריק און אויפגערעגט קול. — איך, שמואל, ר׳ משה דודס, דער שותף פון ר׳ יעקב טייטלס.

ר׳ יוסף לאָקש און ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש זענעןביידע געוואָרן טויט ווי די וואַנט. עס איז טאַקע עפּעס קאַליע געוואָרן אין קעניגרייך כעלם, ווען שיינע כעלעמער יידן, וואָס דאַרפן שוין זיצן אין ליכטיקן גן־עדן, קומען גאָר אין די פינצטערע נעכט און קלאַפּן ביים פענצטער פון פּרנס־חודש.

— גייט אין אייער רו אַריין, מת־טהור ר׳ שמואל! — האָבן ביידע, דער פּרנס־חודש מיטן בית־דין־שמש, געשריגן אין איין קול.

זעט אויס, אַז דער בן־מינן אינדרויסן איז נאָכן טויט געבליבן דער אייגענער עקשן, וואָס ער איז געווען ביים לעבן. ער האָט נישט געוואָלט

אָפּטרעטן פון פענצטער. ער האָט געהאקט וואָס אַמאָל שטארקער אין דער שויב און האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען:

— איר מוזט מיך אַריינלאָזן, ר׳ יוסף!

דערהערט זיין נאָמען פון מויל פון אַ בר־מינן, האָט ר׳ יוסף לאָקש אָנ־געהויבן צו ציטערן מיטן גאַנצן לייב־און־לעבן. ער האָט געזען, אַז עס שמעקט דאָ בפירוש מיט יענער־וועלט. אפשר איז דער מת־טהור, שמואל, גאָר געקומען אים צו רופן אין שול אַריין צו דעם מתים־מנין אין חצות? אפשר גייט מען אים דאָרט מכבד זיין מיט ששי?

אַן עליה ביי דעם מנין פון די מתים הייסט, אַז מען זאָגט אָן ר׳ יוסף לאָקשן, אַז ער באַדאַרף זיך ריכטן.

ר׳ יוסף לאָקש איז נאָך אָבער רויט אונטער די אויערן און דאַנקען גאָט ער שפּירט זיך נאָך ביים עסטן קו־הבריאות. ער האָט נישט קיין חשק זיך אָנצוטון טלית און תכריכים און אָפּגעבן דין־וחשבון פאַרן בית־דין של מעלה.

— זעט ער, ר׳ יוסף לאָקש, אַז ס׳איז נישט גוט, כאַפּט ער דעם בית־מדרש־שופר, וואָס ער האָט אַקוראַט ביי זיך ליגן אין שופלעדל, און דער־לאַנגט אים מיט גרויס ציטערניש ר׳ מנשהן, דעם בית־דין־שמש.

—ר׳ מנשה, בלאָזט אַ תקיעה, — שרייט ר׳ יוסף לאָקש נישט טויט נישט לעבעדיק.

ביי ר׳ מנשהן ציטערן אויך, נישקשה, הענט און פיס. עס קלאַפּט אים אַ צאָן אין אַ צאָן. פונדעסטוועגן באַוויזט ער נאָך אַ כאַפּ צו טון דעם שופר צווישן די ליפּן און אַרויסצולאָזן אַ תקיעה.

דער מת־טהור אינדרויסן קלאַפּט אָבער וואָס אמאָל שטאַרקער ביים פענצטער און שרייט:

— עפנט ר׳ יוסף!

— ר׳ מנשה, בלאָזט תשר״ת — בעט זיך ר׳ יוסף ביי ר׳ מנשהן.

— ר׳ מנשה בלאָזט אָפּ אַ תשר״ת. דער מת קלאַפּט אָבער ווייטער. קלערט שוין ר׳ יוסף, אַז דער שופר האָט געכאַפּט אַ שפּעלטל און איז געוואָרן פסול, מחמת דעם הערט אים דער מת ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי און קלאַפּט אַלץ כסדר ביים פענצטער און שרייט, אַז מען זאָל אים אַריינ־לאָזן.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

די מרת שאָשע חלומט וועגן דער גאַנדז.

מרת שאָשע האָט געמוזט זייער פעסט שלאָפן, מחמת זי האָט נישט געהערט נישט די מהומה אין ר׳ יוספס שטוב, נישט דאָס קלאַפּן ביים פענצטער און נישט דאָס קול פון שופר. ווי אַ גוטע באַלעבאָסטע האָט זיך איר גאָר געחלומט באַלעבאַטישקייט. היינו: אַז זי האָט פאַרגעסן צוצומאַכן דאָס קעמערל, ווו זי האָט אַריינגעלאָזט די גאַנדז, וואָס זי האָט געקויפט אויף שבת. די גאַנדז האָט זיך מיישב געווען: אינמיטן דער נאַכט, און איידער מען וועט זי מאָרגן בלי־נדר שחטן, וועט זי נאָכאמאָל אַ קוק טון אויף כעלם. איז זי אַרויס פון קעמערל און גייט איינע אַליין אַרום אויפן כעלעמער מאַרק.

מרת שאָשע האָט זיך אויפגעכאפּט פון שלאָף. זי האָט אויף זיך אַרויפגעכאַפּט דאָס טערקישע טוך, אָנגעטון די שטעק־לאַטשן, און אַרויסגעגאַנגען נאָכקוקן אין קעמערל צי דער חלום מיט דער גאַנדז האָט אַ האַפּט.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

דער מת־טהור שרייט: דאָס בין איך, שאָשע!

ר׳ שמואל ר׳ משה דודס אינדרויסן ביים פענצטער, האָט געזען ווי די הינטערשטע טיר פון ר׳ יוספס קיך עפנט זיך. די מרת שאָשע קומט אַרויס אויפן רעגן און פאַרעט זיך ערגעץ ביים קעמערל. האָט ער, ר׳ שמואל, נישט לאַנג געטראַכט, צוגעלאָפן צו דער אָפענער טיר, אַריין אין ר׳ יוספס קיך און פאַרשלאָסן די טיר.

מרת שאָשע האָט געזען, אז אַ חלום איז נישט מער ווי אַ נאַר. די גאַנדז זיצט אויף אַ שייטל האָלץ און שלאָפט און חלומט מן־הסתם פון האָבער. איז שאָשע צוריקגעגאַנגען.

זי טוט אַ קוק, די טיר איז פאַרשלאָסן.

ווייסט זי נישט וואָס צו טראַכטן, די מרת שאָשע. עס איז פינצטער און עס רעגנט און זי איז אין בלויז טערקישן טוך און אין שטעק־לאַטשן. איז זי זיך מיישב: איך וועל צוגיין צו יוספס פענצטער, אָנקלאַפּן און רופן און הייסן מיר עפענען די טיר.

כך־הוה. זי גייט צו צום פענצטער, קלאַפּט אָן און רופט הויך:

— עפנט! דאָס בין איך, שאָשע.

דערהערט, אַז אָנשטאָט, דאָס בין איך שמואל! רופט גאָר אַ ווייבעריש קול: דאָס בין איך, שאָשע! האָבן זיך ביי ר׳ יוספן און ביי ר׳ מנשהן אינ־גאַנצן אָפּגענומען הענט און פיס. ר׳ מנשהן איז דער שופר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. ר׳ יוסף לאָקש האָט קוים אַרויסגעבעבעט:

— דער מת־טהור האָט זיך מתלבש געווען ווי די אשה שאָשע און עס איז נישט גוט מיט מיר.

דער פרנס־חודש פון כעלם, ר׳ יוסף לאָקש, האָט נישט לאַנג באַלאַמו־טשעט און איז געפאַלן אין חלשות.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

ענדע גוט — אַלץ גוט.

צומאָרגנס איז אַלצדינג אַרויסגעקומען יאַוונע ועיאַסנע, ווי בוימל אויפן וואַסער. חנה שפּרינצע האָט געהערט, אַז בעלה, דער מאַן אירער, ר׳ שמואל לעבט, איז איר שמחה געווען אין לשער. כעלם איז געגאַנגען אויף רעדלעך. ר׳ יוסף לאָקש אָבער האָט די מעשה נישט פאַרשוויגן, און ער האָט גערופן אַן אסיפה פון די ראשי־הקהל. מען איז געזעסן זיבן טעג און זיבן נעכט און אויף ר׳ יעקב מייטלס אַרויסטראָגן אַ קנס, היינו: ער זאָל געבן דריי אָקעס בוימל אויפן נר־תמיד פון דער כעלעמער שול, און אַז מען זאָל סיי די מעשה און סיי די שטראָף פאַרשרייבן לדורות אין כע־לעמער פּינקס, למען ישמעו וייראו.

*
**

אַז די וועלט האָט געזען ווי די כעלעמער חכמים דערגייען זיך די יאָרן, האָט זי געמיינט, אַז דערגיין זיך די יאָרן באַלאַנגט צום תוך פון דער חכמה — און זי האָט עס אָנגעהויבן נאָכטון.

ביי די כעלעמער חכמים איז עס געווען נישט מער ווי אַ שקאָציש שפּיצל. ביי דער נאַרישער וועלט האָט זיך עס אָבער פאַרוואַנדלט אין אַ בלוטיקן שפּאַס.

אָט דער בלוטיקער שפּאַס גייט אָן ביז היינט צו טאָג, און מען שמועסט, אַז ער וועט דויערן ביז צום חורבן פון דער וועלט.

# קאַפּיטל איינס

אַן אומבאַקאַנטער כעלעמער ייִד שרייבט אַן אני הגבר און עס איז כדאי צו האָרכן.

במשך דער צייט, וואָס מיר שרייבן איבער בפּרטות די מעשׂיות פון כעלעמער פּינקס, איז אונדז נישט איינמאָל אויסגעקומען צו דערציילן, ווי כעלעמער דאגות האָבן נעבעך געפּאָרקעט דעם פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקשן. נישט איין נאַכט האָט ער דעריבער נישט געקאָנט צוטון קיין אויג. א מחבר אין זיין חיבור איז געגליכן צו אַ ר׳ יוסף לאָקש אין כעלם. אויך אונדז איז אויסגעקומען נישט צו שלאָפן קיין נעכט צוליב די כעלעמער חכמים און מיר וועלן אָפּן דערציילן, וואָס עס האָט אונדז געפּאָרקעט.

כידוע, ווי די לייענער ווייסן, שרייבן מיר אַלצדינג אַרויס פון כעלעמער פּינקס. דאָרט אין כעלם זענען געזעסן ייִדן באַשרייבער, וואָס האָבן אַלצדינג דערציילט און אַלצדינג פאַרשריבן, וואָס עס האָט זיך געטון אין דער קלוגער שטאָט זינט ששת ימי בראשית עד היום הזה, ביז היינט צו טאָג. זיי זענען געזעסן טעג און נעכט, געטונקט זייערע געגנדזענע פּענעס אין גאַליש־טינט און געשריבן. אונדז אָבער, דעם שפּעטערן מחבר, איז איין מעשׂה שטאַרק קשה געווען: סטייטש? אָט־א־די באַשרייבער, וואָס האָבן גערעדט וועגן גאַנץ כעלם און אַלעמען באַשריבן — איז ווי נאָר עס קומט צו זיי גופא, נעמען זיי אָן אַ פול מויל מיט וואַסער. זיי ווערן פלוצים שטום ווי די פיש און דערציילן נישט כי הוא זה. פון וואַנען נעמט זיך דאָס גרויסע שווייגעניש? האָבן זיי דאָ פאַר עמעצן מורא געהאַט? זענען זיי, חלילה, געשמדט און געהאָנגען?

אַזוי האָבן מיר, דער שפּעטערער מחבר, נישט איינמאָל געטראַכט אויף אונדזער געלעגער ביינאַכט און מיר זענען ערשט אַנטשלאָפן געוואָרן, ווען די הענער האָבן געקרייעט.

מיר האָבן לאַנג געזוכט און גענישטערט צווישן די שמות אויפן בוי־דעם פון דער מקווה־מפולת, ווו מען האָט געהאַט געפונען דעם כעלעמער פּינקס. ענדלעך האָבן מיר צווישן אַ סך שפּינוועבס, אונטער אַ קופּע שטויב געפונען נאָך אַ קליין ביכעלע. דאָס ביכעלע האָט נישט אָנגעשריבן קיין שום מומחה אויף דער פּען, נייערט אַ פּשוטער כעלעמער ייד. ער האָט אפילו נישט אָנגעגעבן זיין נאָמען.

אין דער הקדמה פונעם ביכל שרייבט דער כעלעמער ייד בזה הלשון:

— אַני הגבר, איך, אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר, האָב מיך צוגעקוקט און געזען: די באַשרייבער פון כעלעמער פּינקס באַפּאַלט, לא־עלינו, אַ גרויס שטומעניש, ווען עס קומט צו דעם וואָס האָט אַ שייכות צו זייער פּאַר־שווינדלעכקייט. על כן, וועל איך אני הקטן, אַ פּשוטער ייד, עס טון כדרכי, אָן אַ סך קלאָפּערגעצייג און אָן גאָלדענע פּעדערן. די באַשרייבער באַ־שרייבן אַלע כעלעמער — שרייבט דער ייד אין דער הקדמה — און זיי האָבן שוין געמאַכט דערפון אַ גאַנצן פּינקס. איך אָבער — שרייבט דער ייד מיט גרויס ענוות — וועל באַשרייבן די דאָזיקע, וואָס יענע גדולים פון דער פּען היטן זיך אַרויסצוברענגען אויף דער ליכט. אין מיין טינטער געפינען זיך גראָד אָט די פאַרשווינען, וואָס געפינען זיך נישט אין די טינטערס פון די באַשרייבער. דהיינו: די כעלעמער באַשרייבער גופא. איך וועל אייך עפּעס דערפון דערציילן, און עס איז באמת כדאי צו הערן.

## קאַפּיטל צוויי

נישט געדאגהט וועגן באשרייבער פון כעלעמער פּינקס!

זיבן טעג און זיבן נעכט — שרייבט דער ייד — זענען די ראשי הקהל מיט ר׳ יוסף לאָקשן געזעסן אויף אַן אסיפה און באַשלאָסן צו מאַכן אַ פּינקס. אַלצדינג אין כעלם זאָל דאָרט ווערן באַשריבן פון קאָפּ ביז די פיס. האָט מען זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן: ווער פון די כעלעמער יידן קאָן האַלטן אַ געגנדזענע פעדער אין האַנט און ער וועט קאָנען באַשרייבן באשרייבעניש לדורות, אַזוי ווי עס געשיקט זיך פאר אַ פּינקס פון אַזאַ קלוגער שטאָט?

האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז וועגן דעם דאַרף מען נישט דאגהן. ברוך השם געפינען זיך אין כעלם פען־יידן לרוב, יידן וואָס זענען מושכים בשבט סופר — און זיי וועלן עס שוין מאַכן כיאות.

האָט מען ווידער גערופן אַן אסיפה פון די ראשי־הקהל צוזאמען מיט די באַשרייבער און מען האָט זיי, די פען־יידן הייסט עס, געהייסן פאר־קאטשען די אַרבל. בערג מיט געגנדזענע פענעס און עמערס מיט גאַליש־טינט וועט שוין באזאָרגן ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש.

## קאַפּיטל דריי

בעלי פּשט, בעלי־פּיט און אַן אָנשיקעניש פון מבינים.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, שרייבט ווייטער דער אומבאַקאַנטער ייִד, די פֿאָלגנדיקע מעשה:

צווישן די כעלעמער באַשרייבער זענען געווען דרייערליי ייִדן.

ס׳זענען געווען ייִדן וואָס האָבן אַלצדינג געקאָנט באַשרייבן בלשון בני־אדם. זיי האָבן געשריבן, אַז יעדער זאָל פֿאַרשטיין. וואָס האָבן זיי געטון? זיי זענען געגאַנגען איבער כעלם מבית־לבית, געקוקט און געזען וואָס עס טוט זיך. וואָס די אויגן האָבן געזען, האָבן די הענט גענומען און באַשריבן סיי אויף לשון־קודש און סיי אויף עברי־טייטש. ס׳האָט געהייסן: די דאָזיקע ייִדן קאָנען האַלטן די פּען און האָבן שאַרפֿע ממזרישע אויגן. אפילו די פּייגעלעך אין די לופֿטן זענען נישט זיכער געווען, אַז אָט אָ די ייִדן וועלן זיי נישט אַריינשטעלן אין כעלעמער פּינקס.

דער צווייטער מין באַשרייבער זענען געווען בדחנים. עס זענען אָבער געווען שלימזלדיקע בדחנים, וואָס האָבן קיינעם נישט געקאָנט מאַכן נישט וויינען און נישט לאַכן. ווען זיי האָבן באַזונגען אַ חתן צי אַ כלה, האָט קיין ייִדענע נישט געלאָזט קיין טרער. מען האָט זיי דעריבער נישט גענומען אויף קיין חתונות. זיי האָבן אָבער פֿאָרט געוואָלט זאָגן אַ גראַם און דער נאַר האָט זיי געשטופּט — האָבן זיי גענומען און זיך אַ נאָמען געגעבן משוררים, ייִדן הייסט עס וואָס קענען נישט רעדן גלייך ווי אַלע מענטשן, און רעדן נייערט צו דער וואַנט, און נייערט על פּי גראַם, על פּי משקל, און על פּי קוידערוועלש.

דאָס דריטע אָנשיקעניש צווישן די כעלעמער פּען־גדולים זענען געווען די מבינים. געטון האָבן זיי גאָרנישט, נישט על פּי גראַם און נישט על

פי פשט. אלא וואָס דען איז געווען זייער טון? זיי האָבן אַרייַנגעקוקט אין דעם וואָס אַנדערע האָבן געשריבן, און געזאָגט מבינות.

סיי די בעלי־לשון־בני־אדם און סיי די בעלי־גראַם האָבן געציטערט פאַר די מבינים אימת־מות. מען האָט זיי אונטערגעטראָגן די באַשריבענע פאַפּירלעך און געקוקט אין מויל אַריין. דער, וואָס עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די מבינים זאָגן אויף אים טוב (מחמת די מבינים האָבן קיינמאָל קיין זאַך נישט דערזאָגט), — דער האָט זיך אַוועקגעשטעלט טאַנצן אינמיטן מאַרק. טאָמער חלילה האָט זיך עמיצן אויסגעדאַכט, אַז אים איז אויסגעפאַלן דער „לא״ — איז נעבעך צו אים געווען אָך און וויי. ער איז געוואָרן איינגעדאַרט און איינגעקוואַרט און שוואַרץ ווי די ערד.

## קאַפּיטל פיר

ר׳ שבתי דער מבין זאָגט: בע און מע

זיבן טעג און זיבן נעכט, שרייבט דער אומבאַקאַנטער כעלעמער ייד מיט גרויס עניוות, זענען כעלעמער באַשרייבער געזעסן און זיך גע־אַמפּערט כדת מה לעשות, ווי אַזוי דאַרף מען שרייבן דעם כעלעמער פּינקס? מען האָט נישט געקאָנט קומען צו קיין טאָלק. דערפאַר איז יאָ געקומען צו פּעטש און זלזולים. עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז די גדולי־השרייבער אין כעלם זאָלן זיך איינער דעם אַנדערן אָנכאַפּן פאַר די בערד.

יעדער איינער פון די בעלי־לשון־בני־אדם האָט געטענהט לאמור, אַזוי צו טענהן: וואָס איז דאָ צו טראַכטן? די פּען אין דער האַנט ברוך־השם; האָב איך, איבער כעלם גיי איך און קוק נאָך אין אַלע שפּעלטעלעך. וואָס די אויגן זעען, זענען די הענט נישט חולה צו באַשרייבן. איך וועל דערלאַנ־גען אַ באַשרייבעניש פון כעלם און אירע יידן, אַז די וועלט וועט עס האָבן צו געדענקען. ר׳ שבתי דער מבין זאָגט אויך, אַז איך יכול.

הגם אַלע צוואַנציק פּשט־שרייבער האָבן געשריגן צוזאַמען, האָט פונדעסטוועגן יעדער איינער געשריגן איך און יעדער איינער האָט געקוקט ר׳ שבתין אויף די ליפּן.

ר׳ שבתי דער מבין, אַ הויכער בלאַסער ייד, מיט אַ געל קאָזע־בערדל און מיט פּינצטערע שפּאַקולן אויף דער אויסגעשפּיצטער נאָז, האָט זיך געצופּט ביים בערדל און געזאָגט:

— המ און מילא, בע און מע.

מער האָט ער דערווייל מורא געהאַט צו זאָגן.

דאָ זענען די משוררים אַרויס מיטן גרויסן געוואַלד, זיי האָבן אויך געשריגן צוזאַמען מכנופיה, און אויך געשריגן איך, און אויך געקוקט ר׳ שבתין אויף די ליפּן.

— וואָס הייסט נעמען גלאַט און באַשרייבן? — האָבן געטענהט די משוררים, געלאַכט מיט יאַשטשערקעס און געקוקט אויף די פּשט־שרייבער ווי אויף חדר־ייִנגלעך. — סתם נעמען און באַשרייבן!! דאָס קען דאָך יעדע יידענע. אָט דאָס דאַרף עס זיין דאָס גרויסע באַשרייבעניש וואָס זאָל אָנשטיין דעם כעלעמער פּינקס און דורות זאָלן עס געדענקען און חזרן אויף אויסנווייניק? הערט אַ מעשה! — האָבן זיך געקאָכט די כעלעמער משוררים, — גלאַט נעמען אַ פעדער און באַשרייבן וואָס עס געשעט אין כעלם? ס'איז דאָך צו לאַכן אין די פויסטן. דאָס גרויסע קונץ־שטיק, וואָס קיין שום בן־אדם אויף דער וועלט קאָן נישט באַווייזן סיידן איך אַליין, און טאַקע מיט דער פען, — האָבן ווייטער געטענהט די משוררים און יעדער איינער אין דער קאַפּעלע האָט הויך געשריגן א י ך — דאָס איז דער גראַם און דער פייט? וואָס הייסט גראַם און פייט? מען נעמט דאָס שיינע כעלעמער לשון און מען צערייבט עס און מען צערייסט עס און מען מאַכט דערפון קאַשע. פון יעדן וואָרט ווערט אַ קאָזשעליק און אַ פיפערנאָטער. עס חוקעט און עס פוקעט אַז אַ טויבער קאָן הערן און אַ בלינדער קאָן זען. די שפּעטערע דורות וועלן זיך חידושן איבער כעלם און איבער מיר (אַלע צוזאַמען: מיר!) די שפּעטערע דורות וועלן לעקן די פינגער. אָט דאָס הייסט אַ באַשרייבעניש און אָט דאָס קאָן נישט מאַכן קיין יידענע און אַן ענלעכע לעמעשקע! (אַ קוק אַהין צו די פּשט־שרייבער). האַ, וואָס זאָגט איר, ר' שבתי?

מיט אָט דער שאלה האָבן זיך די האָפּערדיקע משוררים געוואָנדן צו ר' שבתין דעם מבין גלייך ווי דאָס לונג און לעבער פון גאַנץ כעלם וואָלט געוועזן געהאָנגען אויף די שפּיצן פון זיינע פינגער.

ר' שבתי דער מבין האָט זיך געקראַצט אונטערן בערדל און געזאָגט:

— הם און מילא, און בע און מע.

מער האָט ער דערווייל מורא געהאַט צו זאָגן.

עס האָט שוין געהאַלטן ביים סוף פון זיבעטן טאָג. די כעלעמער באַשרייבער האָבן נישט געקאָנט קומען צו קיין טאָלק. דאָ זענען אַריינגעקומען ר' יוסף לאָקש און ר' געצל גדליה דער זאַאיקע. זיי האָבן אויסגעהערט די טענות. ר' געצל גדליה האָט עפּעס געוואָלט זאָגן (מן הסתם אַן

עצה טובה), נאָר ער האָט זייער לאַנג געשטאַמלט. ר' יוסף לאָקש האָט אויסגעהערט אַלע טענות און געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש אַריין:

— ווייסט איר וואָס, יידן? לאָמיר מאַכן חצי שלי וחצי שלך. דעם כעלעמער פּינקס וועט מען שרייבן האַלב לחשמיש, אויף פּראָסט יידיש לשון, אַז אַלע זאָלן פאַרשטיין, און האַלב לנוי — אויף גראַם־שטראַם — און אַ סוף זאָל עס נעמען, און זאָל זיין שלום אין כעלם.

★

## קאַפּיטל פינף

די בעלי־פשט און די בעלי־פּייט לעבן צווישן זיך ווי טייבעלעך
און עסן זיך פון די פּיסקעלעך.

ווען מען לייענט דעם כעלעמער פּינקס, — שרייבט ווייטער דער אומ־באַקאַנטער ייד אין דעם אויבנדערמאָנטן ביכעלע, — קאָן זיך אויס־דאַכטן, אַז אַלע כעלעמער באַשרייבער זענען באַשטאַנען אויף ר׳ יוסף לאָקשס פּשרה. מען האָט זיך מער נישט געקריגט און געטון די מלאכת הקודש כדת וכדין. הייבט זיך נישט אָן! — שרייבט ווייטער דער כעלעמער ייד. עס זעט אויס, — שרייבט דער אומבאַקאַנטער כעלעמער ייד מיט גרויס תמימות, — אַז ספרים ווערן געשריבן מיט נסים. וואָרים לויט די מחלוקתן און אַרומרייסענישן וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעטון ביי יעדן וואָרט, איז טאַקע נישט צו פאַרשטיין על פּי דרך הטבע ווי אַזוי דער וואָגן האָט גערירט פון אָרט און ווי אַזוי דער כעלעמער פּינקס איז פאָרט אָנגעשריבן געוואָרן.

מחלוקתן און אַריינזאָגענישן, שטעכענישן און אַריינפּאָרענישן האָבן זיך אָפּגעטון ביי אַלעמען, סיי ביי דער כיתה וואָס האָבן געשריבן בלשון בני־אדם, און סיי ביי דער כיתה פון פּייט און גראַם־שטראָם. יחיד ורבים זענען זיך כסדר געשפּרונגען אין די אויגן אַריין ווי אויפגעקאָכטע הענער. יעדער איינער האָט געזאָגט, אַז נאָר ער אַליין קאָן די מלאכה און די אַנדערע זענען פּשוטע שוסטער און מען דאַרף ביי זיי אָפּהאַקן הענט און פיס. ווען איין באַשרייבער האָט נאָר געכאַפּט אַ קוק אין דעם כתב פון אַ צווייטן, האָט ער זיך הויך צעלאַכט און אויף טשעקאַוועס צוגערופן ר׳ שבתין דעם מבין, אַז ער זאָל אויך אַ קוק טון.

ר׳ שבתי האָט געקוקט, זיך געצופּט דאָס בערדל, געזאָגט בע און מע און מילא. מען האָט קיינמאָל נישט געוווסט צי ער זאָגט גוט אָדער שלעכט.

טאָמער האָט זיך איינעם אויסגעדאַכט, אַז ר׳ שבתי האָט אַ פריינטלעכן שאָקל געטון מיטן קאָפּ, האָט זיך יענער אַוועקגעשטעלט טאַנצן.

די איבעריקע באַשרייבער זענען דערביי געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט און אָנגעקוקט ר׳ שבתין ווי ער וואָלט זיי געקוילעט מיט אַ מעסער.

האָט זיך ר׳ שבתי מיישב געווען, אַריינגעקוקט אין אַ כתב און געטון אַ זיפץ. האָט עס געהייסן, אַז ר׳ שבתי זאָגט לאָ, און דער אומגליקלעכער פּען־גדול איז באַלד אַוועקגעפאַלן אין חלשות און מען האָט אים קוים געקאָנט אָפּמינטערן.

דאָס גאַנצע פּען־קהל האָט זיך דערביי געשמאָלצן פון תענוג און געווינטשעוועט ר׳ שבתין צוליב דעם וואָס ער האָט געדרייט מיט דער נאָז. די גרעסטע שמחה, פאַרשטייט זיך, האָבן אַרויסגעוויזן די גוטע פריינט פון דעם געפאַלענעם נעבעך, ווען ר׳ שבתי האָט אָפּגעשמיסן מיט אַ זיפץ.

## קאַפּיטל זעקס

חושך ואפילה. — כעלם מאַכט אַ קאָזשעליק און ר׳ שבתי כאַפּט פּעטש.

דער אומבאַקאַנטער כעלעמער ייד שרייבט מיט גרויס תמימות בזה הלשון:

צווישן די גדולי בעלי־הבאַשרייבעכץ האָט זיך אָפּגעטון חושך ואפילה. מען האָט זיך געשנידלט און געזידלט כאחד הריקים. יעדער איינער האָט געמאַכט פון דעם אַנדערנס באַשרייבעניש אַש און בלאָטע. און יעדער איינער האָט אַלע מאָל אונטערגעטראָגן זיינע שרייבעכצן צו ר׳ שבתין דעם מבין און מיט גרויס ציטערניש געקוקט ר׳ שבתין אויף די לעפּצן.

כדרכו, ווי זיין שטייגער איז, האָט ר׳ שבתי זיך געצופּטביים געלן קאָזע־בערדל און געזאָגט עפּעס אזוינס וואָס מען קאָן אויסטייטשן סיי אויף יאָ און סיי אויף ניין.

דאָס אַלצדינג איז אָבער געווען — שרייבט דער ייד — אַ קינדער־שפּיל קעגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון ביי די בעלי־הפּייט. ס׳איז דאָס נייעסטע וועלט־ווונדער — שרייבט דער ייד — ווי אַזוי דער כעלעמער פּינקס איז פּאָרט אויפגעשריבן געוואָרן.

יאָ גוט, נישט גוט — שרייבט דער ייד — די בעלי־לשון בני־אדם האָבן באשריבן כעלעמער געשעעענישן. ווי זיי האָבן עס נישט געזאָלט מאַכן און וואָס ר׳ שבתי זאָל נישט האָבן דערצו געזאָגט — נאָך אַלע היומס האָט מען סוף־כל־סוף דערפון געקאָנט וויסן, וואָס עס האָט פּאַסירט אין כעלם.

די פּייטנים און בעלי־הגראַם זענען גאָר פאַרפאָרן קיין בויבעריק — שרייבט דער ייד. — פון כעלעמער געשעענישן האָט מען ביי זיי געקאָנט וויסן ווי פון פאַראַיאָריקן שניי. ביי זיי האָט זיך עס געטון ווי ביי די

קאָזשעליק־מאַכער אויף די ירידן. מען האָט געיאָגט און געפּויקט מיט גראַמען, מיט אָך־קוצץ און מיט האָצענפּלאָץ. עס האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. ווער עס האָט דאָרט געזוכט עפּעס אַ שמץ פון כעלם איז געגליכן געווען — שרייבט דער ייד — צו אַ האָן, וואָס זוכט עפּעס אין דעם בני־אדם.

אין די שריפטן פון די פּייטנים האָט עס באשיינפּערלעך אויסגעקוקט, ווי כעלם דרייט זיך איבער דעם דאַשעק, זעצט זיך אויף אַ בעזעם און פליט אַריין אין א קוימען. פון קוימען מאכט כעלם קאָזשעלקעס איבערן שאול־תחתיה. די זון האָט זיך אָנגעטון אַ קירהש שטריימל מיט שפּיצן און עס רעגנט מיט פּויקן און מיט הושענות. כעלעמער ציגן פליען איבער די דעכער און מעקען גראַם. מאַטשעק, דער באָד־גוי, וואָס איז אַ כעלעמער מלך און טראָגט אַ גאָלדענע קרוין אויף די פּלייצעס, האָט זיך אָנגעשיכורט ווי לוט, רייט אויף אַ וואָלקן און קושט זיך מיטן קהלשן באָק. די כעלע־מער לבנה קוקט נעבעך אויס ווי אַ בידנע שקאַפּע און שלעפּט נאָך זיך א פורל מיט יידן. ווען מען קוקט זיך גוט צו צו די יידן, זעט מען אז עס זענען די משוררים און פּייטנים, און דער בעל־עגלה כאַפּט אַן אָנבליק פון ר׳ שבתין דעם מבין.

אינמיטן דעם גרויסן רעש און האַרמידער האָבן פונדעסטוועגן די פּייטנים געהאט צייט צו מאכן איינער פון אַנדערן דאָס גרעסטע גנאי און אונטערטראָגן ר׳ שבתין זייערע הרוזים, אים קוקן אויף די ליפּן און פרעגן:

— האַ, וואָס זאָגט איר, ר׳ שבתישי? דאכט זיך, אז איך בין אַ גאון־העולם?

ר׳ שבתי האָט זיך געצופּט ביים בערדל, געזאָגט מילא און נו. מען האָט נישט געוווסט צי יאָ צי נישט. צום סוף האָט זיך אים אויך פאַרדרייט דער קאָפּ און ער איז לאַ־עליכם געוואָרן נישט מיט אַלעמען. מען האָט הענ־דום־פּענדום געמוזט שיקן נאָך זישען דעם רופא, אַז ער זאָל ר׳ שבתין לאָזן אָדער.

וואָס ר׳ שבתי האָט באמת געזאָגט צו אַלע שרייבער און צי זיי זענען אים געפעלן געוואָרן — האָט פאַרשטייט זיך קיינער נישט געוווסט. ר׳ שבתיס בעבען האָט מען אויסגעטייטשט ווי סתרי־תורה. אַיעדער איינער

האָט געזאָגט, אַז ר׳ שבתי האַלט נאָר פון אים אַליין. אַלע אַנדערע, האַלט ער, ר׳ שבתי, פאַר גאָלע קלעצער און וויסטע קאַליקעס.

וואָס איז דאָ אַ סך צו ברייען? עס האָבן אָנגעהויבן פליען פעטש ווי האָגל. אַלע האָבן געכאַפּט ור׳ שבתי דער מבין בתוכם. ווער עס האָט ר׳ שבתין דערלאַנגט אַ פּאַטש? דאָס ווייסט קיינער נישט עד היום הזה. מען וועט זיך עס אפשר דערוויסן צוזאַמען מיט אַלע תיקויס אין די טעג ווען משיח וועט קומען.

בקיצור — שרייבט דער אומבאַקאַנטער ייד אויפן לעצטן בלעטל פון זיין ביכל — מן־הסתם האָבן ביינאַכט מלאכים גענומען און אויפגעשריבן דאָס כעלעמער פּינקס. מחמת ביי די באַשרייבער האָט זיך געטון אויף טיש און אויף בענק.

מען האָט געמיינט אַז עס זענען כלו כל הקצין און די באַשרייבער וועלן זיך דורסן. זענען געקומען צולויפן ר׳ יוסף לאָקש און ר׳ געצל גדליה רער זאַאיקע. ר׳ געצל גדליה האָט געשטאַמלט עפּעס אַן עצה־טובה, נאָר מען האָט נישט געוווּסט וואָס ער וויל. ר׳ יוסף לאָקש האָט געטון אַ קלאַפּ אין טיש אַריין און געשריגן: שאַ!

דערנאָך — אַזוי ענדיקט דער אומבאַקאַנטער ייד זיין ביכל — האָט ר׳ יוסף לאָקש געזאָגט צו די כעלעמער באַשרייבער כהאי לישנא:

— כנראה, ווי עס קוקט אויס, זייט איר נעבעך די איינציקע נאַראָנים אין דער קלוגער שטאָט כעלם.

***

עס ליגט מיר אויף דער צונג זייער אַ געראָטענער מוסר־השכל, נאָר כ׳וועל נישט איינרייסן מיט די כעלעמער שרייבער.

# קאַפּיטל איינס

ר׳ גאָדל לאַכט זיך אויס פון דער ווייסל

אין אַ פריערדיקער מעשה איז אונדז אויסגעקומען צו דערציילן ווי אַזוי אַ טייל כעלעמער נגידים האָבן געהאַקט „ארזי־לבנון״ אין די פּויליש־שע וועלדער. די ביימער האָבן זיי געלאָזט שווימען אויף דער ווייסל העט קיין דאַנציק.

די ווייסל האָט מיט די כעלעמער דאַנציקער סוחרים געשפּילט קאָפּ און שלאַק. אַמאָל האָט זי זיי צוריקגעברענגט פּעסלעך מיט גאָלד און אַמאָל האָט זי אויסגעדרייט דעם ספּאָדיק און גענומען יידן און זיי אויסגעשטעלט בדלות. וואָס די פּוילישע ווייסל איז באמת אויסן געווען מיט יידן, האָט קיי־נער נישט געקאָנט וויסן, זי האָט פאַרמאָגט אַלע שליאַכעצקע קאַפּריזן פון אַ פּוילישן פּריץ.

נאָר לאָמיר צוריק גיין צום עיקר המעשה.

איינער פון די דאַנציקער האָלץ־סוחרים אין כעלם, איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען ר׳ גאָדל. ווערדליק כעלם, איז ער נישט געווען קיין גרויסער למדן. דערפאַר אָבער איז ער, ר׳ גאָדל, געווען אַ ייד אַ גבר, וואָס האָט געקאָנט שפּילן מיט פייער. אין וואַסער האָט ער דווקא ליב געהאַט צו שווימען קלאַפּטער. איינמאָל איז ער שיעור דערטרונקען געוואָרן פון הפקרדיקן שווימען. האָט ער אַ דאגה, ר׳ גאָדל! שבת האָט ער געבענטשט גומל און איז ווייטער געשווימען כמקדם.

ר׳ גאָדל האָט חס־ושלום נישט געשפּילט קיין קאָרטן. אין מסחר אָבער, האָט ער געהאַנדלט גלייך ווי ער וואָלט געשפּילט קאָרטן מיט דער וועלט און האָט בדעה זי אויסצושטעלן פּאַר אַ לעקיש. יידן האָבן צו אים גע־זאָגט: שפּילט נישט מיט הפקר, ר׳ גאָדל, און באַרעכנט גוט די ווייסל איי־

דער איר נעמט און לייגט אַרויף אויף אירע פּאַליעס אייערעביימער און אייער עשירות קיין עין־הרע!

האָט ר׳ גאָדל געענטפערט אויף אינדערגעשווינד:

— איך לאַך מיך אויס פון דער ווייסל, האָט ער געזאָגט. וואָס בין איך אַ מלופים־קינד וואָס זאָל מורא האָבן פאַר שטום וואַסער?

אַזוי האָט געזאָגט ר׳ גאָדל און דערביי געטון אַ גרויסן טרונק בראָנפן.

---

## קאַפּיטל צוויי

ויהי בלילה ההוא. — אַ שדים־חתונה פֿון ווינטן און שנייען. —
די ווייסל ווייזט ווער עס איז עלטער

ויהי בלילה ההוא. אומעטום ווו עס שטייט „ויהי", שמעקט, ווייסן מיר, מיט אַ צרה.

ווען די ווייסל וויל אָפּטון אַ כּעלעמער ייד אַ שפּיצל און אַ שפּיל טון מיט אים עולים ויורדים, טוט זי עס, ווי מיר ווייסן, ביינאַכט. די ווייסל שלאָפֿט נישט ביינאַכט. טראַכט זי אויף עמעצן אַ בייזן רעיון, טראַכט זי עס, ווי מיר ווייסן, בחצי הלילה.

עס איז געווען אַ נאַכט אין סוף ווינטער. פּלוצלינג האָט זיך געמאַכט אַ שניי און אַ זאַווערוכע, וואָס זקנים האָבן שוין נישט געדענקט אַזעלכעס. אַלע שניי־פּענצטער האָבן זיך ביינאַכט געעפֿנט אין די הימלען. די ווינטן זענען מיט אַ גרויס געוואָיעריי אַרויס פֿון זייער פּאַס אין גן־עדן־התחתון און האָבן זיך צעלאָזט איבער פּוילן ווי אויף אַ שדים־חתונה. שניי האָט זיך געמישט מיט שטורעם־ווינט און שטורעם־ווינט מיט שניי. ווייסקייט האָט זיך געמישט מיט פֿינצטערניש און פֿינצטערניש מיט ווייסקייט. די וועלט איז געגאַנגען כּאַדאָראָם. זי האָט געוואָיעט ווי אַ משוגענע און מען האָט געמיינט, אַז אָט שטעלט זי זיך אויפֿן קאָפּ.

אין אַזאַ נאַכט איז אויך די ווייסל נישט געבליבן הינטערשטעליק. פּונקט האָט זי אויף זיך געטראָגן די ארזי־לבנון פֿון ר׳ גאָדל כּעלעמער. מן־הסתם האָט זי געהערט פֿון יידן און להבדיל פֿון גויים, אַז ר׳ גאָדל מאַכט פֿון איר ס׳געלעכטער און זאָגט אַז ער האָט זי אין לויוויטש. אויב ר׳ גאָדל איז יאָ אַזאַ כּעלעמער חכם, האָט די ווייסל מן־הסתם ביי זיך גע־טראַכט, און אויב די וועלט האָט זיך היינט ביינאַכט צעוואָיעט אין שנייען און אין ווינטן, און אויב איך טראָג יאָ אויף מיר ר׳ גאָדלסביימער — וועל איך אים ווייזן, דעם כּעלעמער, ווער עס איז עלטער.

## קאַפּיטל דריי

ר׳ גאָדלס טראַטוועס — אַש און ווינט

נאָקע אין דער אייגענער בחצי־הלילה האָט די ווייסל געוויזן וואָס זי קאָן און זי האָט זיך צעשפּילט. די עלטסטע שיפערס — וואָס פאָרן אויף איר זינט זייער קינדהייט און האָבן זי שוין געזען אין איר שטיל־קייט און אין איר רוגזה — האָבן זי איצט נישט דערקענט. די ווייסל האָט גענומען און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שניי, אין אַ שטורעם־ווינט און אין אַ חשכות פונקט ווי זי האָט אויסגעזען פאַר ששת ימי בראשית. אירע וואַסערן האָבן זיך פינצטערע אויפגעשטעלט ווי די ווענט און האָבן גע־וואָיעט. די ווייסל האָט זיך גענומען וואַרפן אויף אירע אייגענע ברעגעס און מען האָט געמיינט, אַז זי רייסט איין די וועלט. די אייז־קריעס, וואָס זענען געשוומען אויף איר האָט זי גענומען און אויסגעמישט מיט אירע צעיושעטע וואַסערן. זיי האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן און צו וואָיען אינמיטן דעם בייזאַכטיקן שניי־שטורעם. מען האָט עס געהערט אויף ווערסטן ווייט.

וואָס עס איז אין אַזאַ גיהנום געוואָרן פון ר׳ גאָדלס טראַטוועס, וועלכע זענען מכלומרשט געשוומען קיין דאַנציק — פון דעם האַלט איך פאַר איבעריק צו דערציילן.

# קאַפּיטל פיר

## די ווייסל בשותפות מיטן מזל

די גויים, וואָס שווימען מיט טראַטוועס האָבן אַ שם פאַר עקשנים, וואָס לאָזן זיך נישט פירן ביי דער נאָז פון דער סאַמעראַדנער ווייסל. זיי ווייסן זיך מיט איר אַן עצה צו געבן. די גויים פון ר׳ גאָדלס טראַטוועס זענען ממש געווען פון די פאַרצייטישע בני־הנפילים. גויים, ווי ריזן. זיי האָבן געקאָנט קוקן דעם טויט אין די אויגן אַריין. אַ שטורעם־ווינט איז ביי זיי געווען אַ שפּילעכל. גויים — וואָס זענען געזעסן אויף דער ווייסל ווי אַ גוטער רייטער אויף זיין פערד.

ויהי בחצי הלילה. די גויים אויף ר׳ גאָדלס טראַטוועס האָבן געזען וואָס עס מאַכט זיך. פאַר דער ווייסל האָבן זיי נישט אַזוי מורא געהאַט ווי פאַר ר׳ גאָדלען. דער ייד שווייגט נישט. ער דערלאַנגט פּעטש. האָבן זיך די גויים אָנגעגורט די לענדן. אינמיטן דער חשכותדיקער וויסטעניש האָבן זיי אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט די אייז־קריעס און מיט די צעיושעטע וואַסערן כדי אָפּצוראַטעווען ר׳ גאָדלס געהילץ. זיי זענען שיעור דער־טרונקען געוואָרן, אָבער זיי זענען כסדר אַריינגעשפּרונגען אין דער ווייסל כדי צוזאַמענצוהאַלטן די פאַנאַנדערגעריסענע טראַטוועס.

נאָר אַלץ איז געווען אומזיסט. און טאַקע! וואָס קאָנען די שטאַרקסטע גויים פועלן, ווען די ווייסל בשותפות מיטן מזל, ווילן אָפּטון אַ ייד אַ שפּיצל און אים אויסשטעלן בדלות?

## קאַפּיטל פינף

### ר׳ גאָדל פאָרט צו דער ווייסל

אינמיטן דער דאָזיקער נאַכט האָבן אויך איבער כעלעמער דעכער געפיפן די שטורעם־ווינטן און די שנייען האָבן געטראָגן אין דער הויך. אַ שליח האָט אָנגעקלאַפּט ביי ר׳ גאָדלס לאָדן. פון דער ווינטיקער חשכות אַרויס, האָט דער שליח דערציילט את הנעשה, וואָס די ווייסל האָט גענומען און אָפּגעטון.

ר׳ גאָדל איז נישט געווען פון די יידן, וואָס פאַלן אין חלשות. ער איז באַלד אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. אינמיטן דער נאַכט האָט ער באַפוילן איינצושפּאַנען דעם שליטן. ער האָט זיך אָנגעטון דעם גרויסן בערן־פּעלץ און געהייסן פאָרן צו דער ווייסל. ער וויל אַ קוק טון, האָט ער געזאָגט, וואָס די שיקסע מאַכט (ר׳ גאָדל האָט די ווייסל גערופן שיקסע), און צי זי, די ווייסל הייסט עס, האָט אים טאַקע אויסגעטון אדם־נאַקעט?

ווייב און קינדער אין דער היים האָבן געוויינט ווען זיי האָבן געזען ווי ר׳ גאָדל לאָזט זיך אַוועק ביינאַכט אין אַזאַ זאַווערוכע. די וועלט איז פאַרווייעט מיט ווינט און שניי. אַ הונט האָט מורא אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ פון דער בודע. ר׳ גאָדל האָט געזאָגט, אַז מען זאָל אים לאָזן צורו און ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין שליטן.

מחמת דעם ווילדן וואָיען פון די ווינטן האָט מען אפילו נישט געהערט ווי ר׳ גאָדל פאָרט אַוועק.

ר׳ גאָדלס ווייב האָט אַ וויינענדיקע אַרויסגעקוקט אין דרויסן און זי האָט געזען נאָר זאַווערוכע און שניי.

# קאַפּיטל זעקס

ער מעג זיך אָנטון די טאָרבע און גיין איבער די הייזער

נאָך אַ סכנות־נפשותדיקע נסיעה איז ר׳ גאָדל אָנגעקומען מיטן שליטן צום מקום פון חורבן. עס איז שוין געווען גוט טאָג. די פערד, באַגאַסענע מיט שווייס און באַדעקט מיט אייז און שניי, האָבן געפּרייכט. ר׳ גאָדל האָט אַ גאַנצע נאַכט געהייסן נישט זשאַלעווען די בייטש און האָט געיאָגט אין שנייאיקן תוהו־ובוהו. שוין פון אַ מייל ווייט האָט ר׳ גאָדל אין בערן־פעלץ געהערט דאָס וואָיען פון דער ווייסל און דאָס געהאַקעריי פון די אייז־קריעס אויף אירע וואַסערן. ר׳ גאָדלס האַרץ האָט אים נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. דער טאָג, וואָס האָט באַלויכטן דעם כעלעמער יידנס אָנקום צו דער ווייסל האָט נאָר באַלויכטן דעם גרויסן חורבן. אין דער גראָער ליכטיקייט פון אַ שנייאיקן ווינטער־טאָג האָט ר׳ גאָדל געזען, אַז ער מעג זיך אָנטון די טאָרבע און גיין איבער די הייזער.

ר׳ גאָדלס גויים האָבן נאָך געאַרבעט. אינמיטן די שנייען און די שטורעם־ווינטן זענען זיי געשפּרונגען אויף די אייז־קריעס און געפּרוווט ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. ר׳ גאָדל האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און פון זיך אַ וואָרף אַראָפּ געגעבן דעם שווערן בערן־פעלץ. ער איז אַריינגעשפּרונגען אין דער ווייסל צו די גויים. ער האָט פאַרשאַרצט די אַרבל, געשטאַנען מיט די שטיוואַלעס אין די צעשטורעמטע וואַסערן און אויך געפּרוווט כאַפּן פון זיין געהילץ וואָס עס לאָזט זיך.

אָבער — וואָס קאָן טון אפילו אַזאַ גבר אַ ייד ווי ר׳ גאָדל? — וואָס קאָנען אפילו טון, להבדיל, גויים פון די בני־הנפילים, ווען די ווייסל האָט זיך איינגעשפּאַרט און וויל דווקא ר׳ גאָדלען מאַכן פאַר אַ ייד אַן אָרעמאַן?

## קאַפּיטל זיבן

ר׳ גאָדל הייסט פאָרן קיין קאָזשעניץ

א גאַנצן טאָג און אַ האַלבע נאַכט איז ר׳ גאָדל צוזאַמען מיט די גויים געשטאַנען אויף דער צעשטורעמטער ווייסל און געפּרוווט ראַטעווען. די שנייען און די ווינטן האָבן נישט אויפגעהערט. די מענטשן וואָס האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אַרויסצורייסן ביי דער ווייסל איר רויב האָבן אויסגעקוקט קעגן איר ווי די מילבן.

צומאָרגנס בחצי הלילה ווען ר׳ גאָדל האָט געזען ווי דער לעצטער בוים איז אַוועקגעטראָגן געוואָרן פונעם וואַסערדיקן כף־הקל, האָט ער זיך אַ רייב געטון דעם שטערן. סיי ער, סיי, להבדיל, די גויים זענען געווען טויט־הונגעריק און טויט־מיד פון דעם שרעקלעכן מעת־לעת. די גויים זענען אַוועק ערגעץ אין אַ קרעטשמע. ר׳ גאָדל האָט זיך צוריק אָנגעטון דעם בערן־פּעלץ, זיך אַריינגעזעצט אין שליטן און געהייסן פאָרן אין דעם דערנעבנדיקן שטעטל קאָזשעניץ.

אין שטעטל האָט דעמאָלט געוווינט דער באַרימטער קאָזשעניצער מגיד.

## קאַפּיטל אַכט

אַ פּייערל לייכט אין קאָזשעניץ

עס איז געווען דריי אַזייגער ביינאַכט ווען ר׳ גאָדלס שליטן איז אַריינ־געפאָרן קיין קאָזשעניץ. דאָס שטעטל איז געלעגן טיף פאַרגראָבן אין שניי. מען האָט קוים אַרויסגעזען די דעכער. הגם די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, פונדעסטוועגן איז אין קאָזשעניץ עפּעס געווען ווי ליכטיק פון די ווייסע שנייען. אין די קאָזשעניצער הייזלעך זענען אַלע פענצטער גע־ווען פאַרלאָשן. יידן האָבן געהאַלטן אינמיטן סאַמע בעסטן שלאָף.

ערגעץ אין אַ זייטן־געסל האָט פון הויכן אָנגעשיטן שניי אין דער שפּעטער נאַכט אַרויסגעשימערט אַ קליין באַלויכטן פענצטערל. אין דעם שנייאיקן מדבר האָט עס געציטערט גאָר ליב און היימיש.

ס׳איז געווען דאָס הייזל פון קאָזשעניצער מגיד.

ר׳ גאָדל אין שליטן איז געווען פאַרשטאַרט פון קעלט און מידקייט. די קישקעס האָבן זיך אים געקאָרטשעט פון הונגער. ווו וועט ער פאַרפאָרן אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? ווער וועט אים עפענען אַ טיר אין אַזעלכע מוראדיקע שנייען?

ער האָט באַשלאָסן צוצופאָרן צום איינציקן ליכטיקן פענצטערל אין שטעטל, דאָס הייסט, צו דער דירה פון קאָזשעניצער מגיד. ער וועט דאָרט אָנקלאַפּן ביים לאָדן און בעטן מען זאָל אים אַריינלאָזן — און ער וועט זיך דאָרט אָנוואַרעמען די דורכגעפרוירענע ביינער.

## קאַפּיטל נײַן

בײַם קאָזשעניצער מגיד

ר׳ גאָדל האָט אַ קלאַפּ געטון אין לאָדן בײַם קאָזשעניצער מגיד. ער האָט געשריגן, אַז עס קלאַפּט אַ פֿאַרפֿרוירענער ייִד.

אַן אַלטער ייִד מיט באָרד און פּיאות, דעם קאָזשעניצער מגידס משמש, האָט געעפֿנט די טיר און ר׳ גאָדלען אַרײַנגעלאָזט.

בײַם קאָזשעניצער מגיד אין דער וואַרעמער דירה האָט ר׳ גאָדלס בערנפּעלץ אַ ווייע־געטון מיט אַלע קעלטן פֿון דעם ווינטערדיקן אינדרויסן און פֿון דער צעשטורעמטער ווייסל — באַלד האָבן די שנייען אויפֿן פּעלץ אָנגעהויבן צו טייען און ער האָט זיך ווי צערעגנט.

אין קאָזשעניצער מגידס דירה איז געשטאַנען אַ גרויסער אָפּגעקאַכלטער אויוון, עס האָט פֿון אים געשלאָגן אַ ליבע וואַרעמקייט. ר׳ גאָדל האָט זיך אַרומגעקוקט.

פֿון צווייטן חדרל האָט מען דערהערט דאָס שטילע קול פֿון קאָזשעניצער מגיד.

— ווער איז עס?

— אַ פֿאַרפֿרוירענער הונגעריקער ייִד, רבי, האָט געענטפֿערט ר׳ גאָדל.

— שמעיה! — האָט מען ווידער געהערט דאָס שטילע קול פֿון קאָזשעניצער מגיד — פֿיר אַרײַן דעם ייִד צו מיר, וועט ער טרינקען אַ גלעזעלע וואַרעמס.

דער אַלטער ייִד, דעם מגידס משמש, האָט אָנגענומען ר׳ גאָדלען פֿאַר דער האַנט און אים אַרײַנגעפֿירט אין מגידס חדרל.

בײַ אַ פּראָסטן הילצערנעם טיש, וואָס איז געווען אָנגעלייגט מיט ספֿרים און אויף וועלכן עס האָט געברענט אַ נאַפֿט־לעמפּל, איז געזעסן אַ קליינער דראָבנער ייִד. אַ ייִד, זעט זיך אויס, אַ חלוש. ווי עס איז באַ־

ווסט איז דער קאָזשעניצער מגיד געבוירן געוואָרן אַ זיבעלע. דער קאָזשעניצער מגיד איז געזעסן אין אַ ווייסער זיידענער זשופּיצע און איינגעהילט איבערן קאָפּ אין אַ טלית. ער האָט מעיין געווען אין אַן אויפגעמישטער גמרא. אין פלוג האָט עס אויסגעקוקט, אַז ער זעט גאָר נישט ר׳ גאָדלען.

ר׳ גאָדל איז געשטאַנען אָנגעטון אין שווערן בערן־פּעלץ פון וועלכן ס׳האָבן געטריפט די צעלאָזענע שנייען. ער האָט אויף זיך געפילט אַ ליבע היימישע וואַרעמקייט. ער האָט געקוקט אויף דער שטילער ברענענדיקער לאָמפּ, אויף דעם הילצערנעם טיש מיט ספרים און אויף דעם דראָבנעם שוואַכן ייד אין דער ווייסער זשופּיצע און אין טלית.

דער קאָזשעניצער מגיד האָט צו אים אויפגעהויבן אַ פּאָר האַרציקע קלוגע אויגן און מיט אַ ווייכער האַנט דערלאַנגט ר׳ גאָדלען שלום־עליכם.

— שלום־עליכם ר׳ גאָדל כעלעמער, האָט דער קאָזשעניצער מגיד פריינטלעך געזאָגט.

ר׳ גאָדל האָט געפינטלט מיט די אויגן און אָנגעקוקט דעם רואיקן הייליקן ייד. צום סוף האָט ער געזאָגט:

— אַז איר, רבי, וועט האָבן עולם־הבא, איז דאָך נישט שייך. ווער דען זאָל האָבן עולם־הבא אויב נישט דער קאָזשעניצער מגיד? — אַז איר, רבי, האָט עולם־הזה — דאָס זע איך אויך מיט מיינע אייגענע אויגן. ביי איך, רבי, איז וואַרעם, שטיל און ליכטיק. אַז איך, גאָדל כעלעמער, האָב נישט קיין עולם־הזה — דאָס זעט מען באַשיימפערלעך. איך בין פאַרפרוירן און הונגעריק און די ווייסל האָט מיך אויסגעשטעלט בדלות. ר׳ גאָדל האָט אַ ווײַלע געשוויגן און האָט צוגעגעבן: שיין וועט זיין, אַז איך וועל קיין עולם־הבא אויך נישט האָבן!

דער קאָזשעניצער מגיד האָט שטיל געשמייכלט און געזאָגט:

— ווי פאַלט איר גאָר אויס צו טראַכטן פון עולם־הבא, ר׳ גאָדל? איר, און עולם־הבא? מה־דאָך דאָס, אויף וועלכן איר האָרעוועט מיט נויטשווייס, עולם־הזה מיין איך, האָט איר נישט, ווילט איר גאָר האָבן דאָס דאָזיקע צו וועלכן איר לייגט אפילו נישט צו קיין פינגער?

ר׳ גאָדל כעלעמער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

ר׳ שמעיה דער משמש האָט שטיל אַריינגעברענגט אַ טעפּל מיט וואַרעמס. ר׳ גאָדל כעלעמער האָט עס אים אַרויסגעכאַפּט פון די הענט ווי אַ הונגעריקער הקדש־אָרעמאַן.

***

די זעער אין גייסט קאָנען אויך הנאה האָבן פון דער פּשוטער עקזיס־טענץ.

די, אָבער, וואָס מיינען צו געניסן די חומרדיקע וועלט און דערביי בלייבן גייסטלאָז — צו וואָס זענען זיי געגליכן? צו בלינדע, וואָס זעצן זיך אַריין אין אַ געלעכערטער מולטער און ווילן אויף איר אַריבערשיפן איבער אַ תהום.

## קאַפּיטל איינס

### דער יצר־טוב און דער יצר־הרע קומען אויף אַ יריד

נאָר איין וועג פירט צום אמת און צו מידות־טובות.

דער יצר־טוב, דער וואָס רעדט מענטשן צו צו גיין אויף דעם איינציקן דרך־הישר — ער איז גאָר אַ פּשוטער ייד. ער ווייסט נישט פון קיין קונצן און דריידלעך. וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג. ער וויל קיינעם נישט אָפּטון קיין שפּיצלעך, דאָס הייסט, ער וויל נישט תּחילת איינרעדן אויפן הימל אַ יריד, און דערנאָך — גיי און פּעדער מיך צום ונתנה־תּוקף! דער יצר־טוב איז אַ גוטער און אַ ליבער — נאָר נעבעך אַ בטלן. ווייל ער איז בלויז אויסן דעם מענטשנס טובה, דעריבער איז דער יצר־טוב נישט קיין איינרייסער און נישט קיין באַרימער. ער זאָגט באַלד יאַוונע־ויאַסנע, אַז ער האָט נישט מער ווי איין וועג.

מענטשן, וואָס בטבע פאַרשטייען זיי נישט קיין גלייכע זאַך, מיינען, אַז דער יצר־טוב שלאָגט זיי אָן פּוילע סחורה און דרייען זיך צו אים אויס מיט דער פּלייצע.

דער יצר־הרע, ווען ער קומט צופאָרן אויף אַ יריד, לייגט ער באַלד אויס צען טויזנט וועגן, איינער גלוסטיקער ווי דער אַנדערער, איינער שענער פאַרן אַנדערן; וועגן, וואָס שמעקן און בלענדן; וועגן, וואָס יעדער איינער פון זיי בלאָזט אויף זיבן טרומייטן און רופט: גייט אויף מיר און איך וועל אייך פירן צו אַלע תּענוגי־עולם־הזה און צו אַלע גליקן פון דער וועלט.

דער יצר־טוב קומט זיך אויך צו שלעפּן, מ׳שטיינס געזאָגט, אויף דעם זעלבן יריד. ער קומט צופוס און שטעלט זיך אַוועק מיט זיין דרך־הישר ערגעץ אין אַ ווינקל. מען זעט באַלד, אַז דאָס איז אַן אָרעמאַן. דערצו איז ער נישט קיין גרויסער בעל־דברן. ער שטייט נעבעך גאָר אַ שטילער און ווייסט נישט מער ווי איין וואָרט: גייט יידעלעך אויפן דרך־הישר!

פרעגט מען ביי אים:

— וואָס קריגט מען, ר׳ יצר־טוב, אויפן דרך־הישר?

ענטפערט ער ווידער מיט איין וואָרט:

— דעם דרך־הישר.

בקיצור: עס איז תרגום־לשון.

דער יצר־הרע, אַז ער טוט זיך אַ צענעם די באָרד און עפנט אַ פּיסק, איז טאַקע נאָר צו עפענען מויל און אויערן.

פון יצר־טוב וועל איך דעריבער נישט קיין סך דערציילן. אַז ער טויג נישט אַליין פאַר זיך, טאָ וואָס קאָן אים, נעבעך, העלפן אַ יידישער מחבר?

דעריבער וועל איך אייך דערציילן פון יצר־הרע.

דער יצר־הרע האָט אַ סך וועגן. דערצו איז ער אַ קונדס, אַ פּורים־שפּילער, וואָס עין לא ראתה. מכלומרשט איז עס איין און דער זעלבער יצר־הרע. וואָרום פונקט ווי די וועלט פאַרמאָגט נישט מער ווי איין יצר־טוב אַזוי פאַרמאָגט זי אויך נישט מער ווי איין יצר־הרע. נאָר דער ממזר קאָן זיך פאַרשטעלן אין אַלערליי לבושים און אין אַלערליי פאַרשוינען, צו יעדן איינעם באַזונדער קומט ער מיט אַן אַנדערן גוט־שבת. דאָ איז ער אַ ייד אַ גביר, וואָס שלאָגט אָן זעק מיט ממתקים, דאָ איז ער אַ מגיד, אַ בעל־דרשן, מאַכט זיך פאַר אַ נעבעכל און האָט כלומרשט צו פאַרקויפן מצוות און מעשים־טובים. ער קוקט אפילו נישט אויפן „לא ילבוש" — און ווען ער באַדאַרף, פאַרשטעלט ער זיך פאַר אַ יידענע; טיילמאָל פאַר אַ גבאיטע, וואָס גייט מיט אַ פּושקע פון הכנסת־כלה, און טיילמאָל, רחמנא ליצלן, פאַר אַ יפיפיה, אַ חצופה, וואָס עין לא ראתה, אַלצדינג ווי עס לוינט זיך אים. דערצו איז ער אַן עניו אויך און ברעקלט זיך נישט מיט קיין אַרעמעלייט. אַלצדינג איז סחורה פאַרן יצר־הרע. אפילו פאַר אַ בעטלער, וואָס ליגט מיט קוליעס און פוילט אין הקדש, האָט ער אויך אַ פאַר־פירעניש. לצים זאָגן, אַז דער בעל־דבר זאָגט זיך אפילו נישט אָפּ צו קו־מען צו אַ גוסס. איי, וואָס האָט ער צו זאָגן צו אַ גוסס, נעבעך, וואָס מען צינדט שוין ביי אים אָן די ליכט? אָבער דער יצר־הרע האָט שוין עפּעס אין זינען.

## קאַפּיטל צוויי

דער יצר־טוב קומט אַריין צו ר׳ איטשע גרונמען. — דער יצר־הרע האַלט זיך אויך נישט אין גרויסן

פאַרשטייט זיך, צו אַזאַ קלוגער און באַרימטער שטאָט ווי כעלם האָט זיך דער יצר־הרע צוגעכאַפּט ווי צו אַ הייס געבראָטנס. עס איז אים פּשוט געגאַנגען אין האָנאָר צו ווייזן דעם יצר־טוב, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס כעלם איז אָנגעשטאָפּט מיט חכמה, פונדעסטוועגן איז ער דער יצר־הרע, קליגער ווי דער קליגסטער כעלעמער חכם. אין עצה ואין תבונה קעגן יצר־הרע — האָט דער בעל־דבר מיט גרויס האָפערדיקייט געזאָגט צום יצר־טוב — וואָס איז אויך געקומען אין דער קלוגער שטאָט אַריין, נאָר ער איז געקומען, כדרכו, מיט עניוות און געפירט זיין דרך־הישר אויף אַ בידנע וועגעלע, ווי דער שטייגער איז פון אַ ייד אַן אָרעמאַן.

דער יצר־טוב האָט, נעבעך, אַ זיפץ געטון און נאָכגעקוקט דעם יצר־הרע, וואָס שפרייזט אַריין ווי אַ ברייטער מחותן אפילו אין אַזאַ קלוגער שטאָט, וואָס געדענקט נאָך די ששת ימי בראשית.

ביי די כעלעמער גבירים האָט דער יצר־טוב גאָר נישט געפּרוווט אָנצוקלאַפּן. צו גבירים האָט ער נישט קיין מזל. טראַכט ער זיך: איך וועל אָפּטרעטן ביי ר׳ איטשע גרונמן, דעם דרדקי־מלמד! וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, קאָן אַ יצר־הרע האָבן פאַר אַ מחזקות מיט אַ כעלעמער דרדקי־מלמד?

ווייסט ער, נעבעך נישט, דער יצר־טוב, אַז דער יצר־הרע, געהרגעט זאָל ער ווערן, איז אַ גוואַלדיקער עניו און האַלט זיך נישט אין גרויסן. ער וואַרפט זיך, חלילה, מיט קיינעם נישט, אפילו נישט מיט אַזאַ שוואַך פליגעלע ווי אַ כעלעמער דרדקי־מלמד.

## קאַפּיטל דריי

דער יצר־הרע קומט ר׳ איטשע גרונמען צו חלום און דערציילט
פון עולם־הזה

ר׳ איטשע גרונם, דער כעלעמער דרדקי־מלמד, איז געווען אַ וויסטער אָרעמאַן. דערצו האָט ער געהאַט אַ הויקער, רויטע דערצונדענע אויגן און האָט כסדר געהוסט. מען האָט געמיינט, אַז דער ייד פּאַטשעט מיט דער נשמה. אַ בערדל האָט ער געהאַט נישט מער ווי פון דריי האָר. ווען נישט די דריי האָר, וואָלט מען געמיינט, אַז צו אַלע גליקן איז ר׳ איטשע גרונם, נעבעך, אַ סריס אויך. זומער און ווינטער איז ר׳ איטשע גרונם געזעסן מיטן טייטל און מיטן קאַנטשיק און געלערנט מיט פּיצלעך קינדער. ר׳ איטשע גרונמס ברויטגעבער זענען אַליין געווען וויסטע אביונים.

פון דעם קאָן מען זיך שוין משער זיין אין וואָס פאַר אַ וווילטאָג ר׳ איטשע האָט געלעבט אויף אונדזער עולם־הדמיון.

הגם דער יצר־הרע האָט אין כעלם געהאַט צו טון איבערן קאָפּ, האָט ער אָבער נישט פאַרגעסן ר׳ איטשע גרונמען אויך.

וואָס האָט געטון דער יצר־הרע? סיי בייטאָג, בהקיץ, און סיי ביי־נאַכט, אין חלום, האָט דער בעל־דבר נישט מער געטון נאָר ר׳ איטשע גרונמען כסדר דערציילט, ווי אַזוי עס לעבן די גבירים און אין וואָס פאַר אַ ראָסקאָש זיי באָדן זיך. נאַרישער דרדקי־מלמד — האָט דער יצר־הרע געזאָגט: צי די גבירים וועלן אַמאָל האָבן דאָס גיהנום איז נאָך אַ גרויסער ספק. דאָס גן־עדן אָבער האָבן זיי שוין איצט. דער יצר־הרע האָט זיך גענומען אויסצומאָלן די טייערע ווײַנען, פון וועלכע די גבירים באַלעקן זיך. זיי קאָנען נישט וואַרטן אויף עולם־הבא און זיי טרינקען שוין איצט פון יין־המשומר. די פושעים, רחמנא ליצלן, שטעלן זיך אפילו נישט אָפּ פאַר יין נסך. אַזאַ עולם־הזה שטעקט אין דעם גאָלדענעם טראָפּן.

ר׳ איטשע גרונם האָט נעבעך געזיפצט. וואָס האָט ער געקאָנט טון? אַ כעלעמער דרדקי־מלמד קאָן צומאָל נישט קיין שמעק געבן צו אַזאַ גאָלדענער משקה.

## קאַפּיטל פיר

ר׳ איטשע גרונם גרייט זיך צו טרינקען ווײַן און דער יצר־הרע שגצט אים אויס

מאַכט זיך אַ מעשה, ס׳איז געווען פאַר פּסח. ביילע גיטל, די מלמדקע, ר׳ איטשע גרונמס חלק־שני, האָט ווי אַלע אַרעמעלייט, אָנגעשטעלט ראָזשינקע־ווײַן אויף ארבע־כוסות. ר׳ איטשע גרונם גיט זיך פּלוצלינג אַ קלאַפּ אין שטערן. עס איז אים אויפגעגאַנגען אַ ליכט פאַר די אויגן. איטשע גרונם — האָט ער צו זיך געזאָגט — עס פאַרקעט דיך צום טעלערל פון הימל און דו זעסט נישט, שמענדריק, ווי דאָס טעלערל שטייט בײַ דיר אויפן פּיעקעליק. וואָס הייסט ווײַן? ביילע גיטל שתחיה האָט דאָך אים, לעיני כל ישראל, אַוועקגעשטעלט אויפן פּיעקעליק!

ר׳ איטשע גרונם גיט אַ באַהאַלטענעם קוק אויף דער האַלבער בוטלע וואַסער, אין וועלכער עס זענען אַרומגעשווומען אַ פיר־פינף פאַרדאַרטע און נעבעכדיקע ראָזשינקעס. ער באַלעקט זיך שוין.

— וואָס עפּעס ארבע כוסות? — טראַכט בײַ זיך ר׳ איטשע גרונם — פאַרוואָס טאַקע נישט, קיין עין־הרע, גאַנצע אַכט?

ר׳ איטשע גרונם האָט אָפּגעוואַרט, ווען ביילע גיטל איז אַרויס אויפן מאַרק און ער איז צוגעגאַנגען צו דער בוטלע און זי דערגאָסן מיט וואַסער פול ביז צום אויג.

אַלע נעכט ביז צום סדר האָט ר׳ איטשע גרונם געחלומט פון דער גאָלדענער גבירישער משקה, וואָס גרייט זיך פאַר אים אין דער בוטלע אויפן פּיעקעליק. די נאַכט נאָך בדיקת־חמץ האָט זיך אים געחלומט: נאָך די אַכט כוסות יין המשומר, וואָס ער וועט טרינקען מאָרגן, ווען מען וועט עס דערלעבן, ביים סדר, שטייט אים שוין נישט אָן צו האָבן מער ווי דריי האָר אויף דער גאָמבע. וואָס הייסט, אַ ייד, וואָס טרינקט ווײַן — און אַזאַ

באָרד? האָט זיך די גאָמבע טאַקע מיישב געווען: היות, ווי עס איז נישט דער אייגענער איטשע גרונם, איז אַ יושר איבער נאַכט באַוואַקסן צו ווערן מיט אַ באָרד־געדיכטעניש. וכך הוה, ר׳ איטשע גרונם האָט זיך אַליין נישט דערקאָנט אין חלום.

אַ גאַנצן ערב פסח איז ר׳ איטשע גרונם געווען אויפן זיבעטן הימל, ער האָט כסדר געוואָרפן אַן אויגל אויף דער פולער בוטלע, וואָס אויפן פּיע־קעליק.ביילע גיטל האָט צוגעגרייט דעם סדר ווי אַ גרויסע אביונטע, קוים־קוים. ר׳ איטשע גרונם האָט זיך געגרייט, געצופּט די דריי האָר פון דער גאָמבע — און זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז צום סדר.

עס איז געקומען די ליכטיקע שעה. ר׳ איטשע גרונם האָט זיך אָנגע־טון דעם צעריסענעם קיטל און אַרויפגעקראָכן אויפן הסב־בעט. אויפן טיש אין צוויי אויסגעשאָבענע קאַרטאָפלעס האָבן געברענט צוויי גראָשנ־דיקע ליכטלעך. דריי לחם־עוניס זענען געלעגן באַהאַלטן אונטער אַ האַנטוך. די בוטלע ווייַן איז געשטאַנען אַ גראָבע און אַ האָפערדיקע און אַריבער־געקוקט צו ר׳ איטשע גרונמען, אַז ער זאָל נישט מאַכן קיין לאַנגע שהיות און זיך נעמען צום ערשטן כוס.

ר׳ איטשע גרונם האָט זיך צוגעאײַלט מיט „כהא לחמא". מיט ציטער־דיקע הענט האָט ער אָנגעגאָסן דעם ערשטן כוס און שוין געטראַכט וועגן נאָך זיבן.

ר׳ איטשע גרונם האָט מיט אַ ניגון אָפּגעזונגען דעם שיינעם פּסחדיקן קידוש און האָט אַ זופּ געטון דעם ערשטן כוס. אַ טעם־חלשות. עפּעס לעבלעך, פּאַרדומפּעצט וואַסער. אַזאַ פּאַסקודנעם טעם האָט ער נאָך נישט געהאַט אויף זיינע ליפּן זינט ביילע גיטל מאַכט ראָזשינקע־ווייַן.

האָט ער געוואָלט דעם ווייַן אויסשפּייען, איז עס דאָך אָבער דער ערשטער כוס פון די ארבע כוסות, האָט ער נעבעך געטרונקען און ביי זיך געטראַכט: אָט דאָס רופן די גבירים עולם הזה? און די פּושעים, ימח שמם, באַשטייען באַדאַי זיך צו פּרעגלען אין גיהנום, אַבי צו זויפן אָט דעם ייִן־נסך?

דער יצר־טוב איז געזעסן אַ רואה־ואינו־נראה הינטערן פּיעקעליק ביי ר׳ איטשע גרונמען. ער האָט אויך אָפּגעריכט דעם סדר און געזאָגט די הגדה. פּונקט ווען ער האָט געהאַלטן אינמיטן די „דיינוס", האָט ער

אַ קוק געטון אויף ר׳ איטשע גרונמען. דער יצר־טוב האָט זיך געריבן די הענט.

— דער יצר־הרע מעג איינפּאַקן ס׳פּעקל און זיך אָפּטראָגן פון כעלם — טראַכט ביי זיך מיט גרויס תמימות דער יצר־טוב.

— לאַכן לאַכט דער, וואָס לאַכט דער לעצטער — האָט זיך אָנגערופן דער יצר־הרע, וואָס איז אויך געזעסן אַ רואה־ואינו־נראה הינטער ר׳ אי־טשע גרונמס פּיעקעליק און געפּרעסן קניידלעך — איר וועט זען, פּאַניע יצר־טוב, וואָס פאַר אַ נחת איך וועל נאָך האָבן פון איטשע גרונמען.

דעם זעלבן ליל־שמורים איז דער יצר־הרע געקומען ר׳ איטשע גרונמען צו חלום, אים גוט אויסגעשגצט:

זייט איר דאָך טאַקע, ר׳ איטשע גרונם — האָט דער יצר־הרע געזאָגט — אַ לעקיש פון אַ דרדקי־מלמד. וואָס הייסט — איר כאַפּט זיך צו צו אַן עולם־הזה און זייט זיך נישט פריער שואל־עצה מיטן יצר־הרע?

## קאַפּיטל פינף

ר׳ איטשע גרונם זאַמלט אויף בלינצעס

אין כעלעמער פּינקס שטייט נישט פאַרשריבן, ווי אַזוי עס איז געקומען, אַז ר׳ איטשע גרונם איז געווען פּאַר שבועות אין קיך ביי אַ כעלעמער גביר און וואָס האָט ער דאָרט געהאַט צו טון. גענוג, ער איז געווען און געזען ווי אין קיך ביים גביר פּרעגלען זיך שבועותדיקע בלינצעס. אַלע זאַפטן, וואָס ר׳ איטשע גרונם האָט געהאַט אין מויל, זינט זיין מאַמע עליה השלום האָט אים אַרויסגעברענגט אויף דער ליכטיקער וועלט, זענען אים גערונען אי־בער די ליפּן. ר׳ איטשע גרונם האָט געשפּירט, ווי עס ציט אים ממש ביים לעפּעלע און ער איז גרייט געווען אַוועקצופאַלן אין חלשות ביים גביר אין קיך, צוקוקנדיק ווי די פעטע, גראָבע בלינצעס דברן אויף דער בראָט פאַן.

ר׳ איטשע גרונם איז קוים אַהיימגעקומען און געזאָגט צוביילע גיט־לען (פּונקט איז זי געזעסן איבער אַ שעפּל און געשיילט קאַרטאָפּלעס):

— ווייסט, ביילע גיטלשי, ס׳וואָלט געווען אַ יושר זאָלסט מאַכן בלינ־צעס אויף שבועות מ׳זאָל דערלעבן.

— האָסט דאָך, איטשע גרונמשי, אַ טרפהנעם האַלדז — האָט ביילע גיטל געזאָגט און ווייטער געשיילט די קאַרטאָפּלעס.

— וואָס איז מיין נשמה, אַ ראָזשינקע? — האָט ר׳ איטשע גרונם געזאָגט און זיך געקראַצט ביי די דריי האָר פון זיין מכלומרשט בערדל.

ביילע גיטל האָט אויסגעשטרעקט צו ר׳ איטשע גרונמען די פינף פינ־גער פון איר לינקער האַנט. מיט דער רעכטער האַנט האָט זי אָנגעהויבן ציילן די פינגער.

— מעל מוז מען האָבן? האָט ביילע גיטל געוויזן דעם ערשטן פינגער.

— מילא, נעמט מען מעל — האָט ר׳ איטשע גרונם געזאָגט.

— וויסן קעז מוז מען האָבן? — האָט ביילע גיטל געוויזן דעם צווייטן פינגער.

— מילא, נעמט מען ווייסן קעז — האָט ר׳ איטשע גרונם געזאָגט.

— פוטער מוז מען האָבן? — האָטביילע גיטל געוויזן דעם דריטן פינגער.

— מילא, נעמט מען פוטער — האָט ר׳ איטשע גרונם געפּסקנט.

— און געלט מוז מען האָבן, דו יאָקל בן פלעקל פון אַ דרדקי־מלמד? — האָט ביילע גיטל אונטערגעשטעלט אַלע אירע פינף פינגער ר׳ איטשע גרונמען אונטער דער נאָז.

ר׳ איטשע גרונם האָט געשוויגן און שטאַרק געצופּט אַלע דריי האָר פון זיין בערדל, מ׳שטיינס געזאָגט.

— ווייסטו וואָס, ביילע גיטלשי? — האָט ר׳ איטשע גרונם געזאָגט נאָך אַ ישוב — מילא, דער היינטיקער שבועות איז שוין אַ פאַרפאַלענער. נאָר מיר האָבן אַ גרויסן קאַסטן מיט רעדלעך בירושה פון דיין עלטער־באָבע מלכה. דער קאַסטן האָט אַ לאָך. ווען מיר אָפּשפאָרן. דו — אַ האַלבן גראָשן פון דיין באַלעבאַטישקייט און איך וועל מיר אויך שוין שאַפן אַ האַלבן גראָשן אַ טאָג. די צוויי האַלבע גראָשנס וועלן מיר יעדן טאָג אַריינ־לייגן אין דער עלטער־באָבעס קאַסטן. מיר וועלן זאַמלען דעם מטמון. ווען מיר וועלן דערלעבן, אם ירצה השם, איבעראַיאָר שבועות, וועלן מיר מאַכן די אמתע בלינצעס, טאַקע פון בלינצע־לאַנד.

ר׳ איטשע גרונם האָט אָנגעהויבן אויסצומאָלן פאַר ביילע גיטלען דאָס גן־עדן, וואָס ער האָט געזען ביים גביר אין קיך. דער יצר־הרע איז גע־שטאַנען און געקוואָלן און דערצו אַלצדינג געטון, כדי אויך ביי ביילע גיטלען צו וועקן די תאווה צו שבועותדיקע בלינצעס.

ביילע גיטל האָט זיך תחילת געקווענקלט, לסוף איז זי באַשטאַנען.

***

אין די קומענדיקע קאַפּיטלעך וועלן מיר דערציילן פון דער קאַשע, וואָס דער יצר־הרע האָט פאַרקאָכט צווישן ר׳ איטשע גרונמען און ביילע גיטלען. כעלם רעדט נאָך היינט דערפון.

דער מוסר־השכל? וועט פרעגן דער לייענער?

דער יצר־טוב און דער יצר־הרע זענען אַליין פאַר זיך גוטע מוסר־השכלס.

## קאַפּיטל זעקס

דער יצר־הרע נעמט זיך צו ר׳ איטשע גרונמען אוןביילע גיטלען

די זון איז אונטערגעגאַנגען און ווידער אויפגעשיינט צומאָרגנס פונעם ערשטן טאָג נאָך דעם גרויסן באַשלוס צו זאַמלען אַ מטמון, כדי צו מאַכן בלינצעס איבעראַיאָר שבועות ווען מ׳וועט ס׳דערלעבן. סיי ר׳ איטשע גרונם און סיי ביילע־גיטל האָבן געהאַלטן וואָרט און אַריינגעלייגט צו האַלבע גראָשנס אין דעם לאָך פון דער עלטער־באָבע מלכהס קאַסטן מיט רעדלעך. פון וואַנען ביילע גיטל האָט גענומען דעם האַלבן גראָשן קאָן מען זיך משער זיין. זי האָט זיך נעבעך אַוועקגענומען פון מויל. פון וואַנען ר׳ איטשע גרונם האָט גענומען דעם האַלבן גראָשן איז טאַקע אַ גרויס רעטעניש. דער כעלעמער פינקס לאָזט עס ביי אַ תיקו.

עס איז געקומען דער צווייטער טאָג. ביילע גיטל האָט שוין געהאַלטן אין דער האַנט דעם האַלבן גראָשן און אים געוואָלט אַריינוואַרפן אין קאַסטן. פלוצלינג האָט זי זיך מיישב געווען: וואָס בין איך חלילה משוגע צי מטורף? האָט זי זיך אַליין אויסגעמוסרט, אַז איטשע גרונם וויל עסן גבירישע בלינצעס מוז איך אים נאָכגעבן דעם בייזן האַלדז? אדרבה, זאָל ער אַליין זאַמלען דעם מטמון. עס וועט זיין גענוג שיין פון מיר ווען איבער־איאָר, מ׳וועט ס׳דערלעבן שבועות, וועל איך מיך כאור אַוועקשטעלן ביים פּיעקעליק און פּרעגלען די בלינצעס. אומר ועושה — דער יצר־הרע האָט איר געמאַכט אַ חשבון וואָס זי קאָן אַלץ קויפן פאַרן האַלבן גראָשן, און זי באַדאַרף זיין פשוט חסר־דעה ווען זי זאָל, מיר נישט דיר נישט, נעמען דעם האַלבן גראָשן און אים אַריינוואַרפן אין לאָך פון דער עלטער־באָבעס קאַסטן.

ביילע גיטל האָט גענומען דעם האַלבן גראָשן און אים צוריק אַריינגע־לייגט אין איר פאַרטעך.

דעם צווייטן טאָג, ווען ר׳ איטשע גרונם האָט זיך נאָך גרויס מי און מאַטערניש געשאַפּט דעם האַלבן גראָשן און אָט האָט ער שוין געהאַלטן דערביי אים אַריינצוּוואַרפן אין דער עלטער־באָבע מלכהס קאַסטן — האָט אים דער יצר־הרע אָנגענומען פאַר דער האַנט.

— אַבי מען זאָגט אויף אייך, אַז איר זייט אַ קלוגער ייד, ר׳ איטשע גרונם — האָט דער יצר־הרע געזאָגט — זייט איר משוגע צי חסר־דעה צו נעמען דעם האַלבן גראָשן און אים אַוועקצולייגן צוביילע גיטלס מטמון? וואָס איז? ביילע גיטל וויל אם ירצה השם, איבעראַיאָר שבועות עסן בלינ־צעס? איז זאָל זי זאַמלען פון איר באַלעבאַטישקייט. בלינצעס וועלן סיי ווי זיין, ווען מיר וועלן עס דערלעבן. מיט דעם האַלבן גראָשן קאָנט איר כּוֹן עפּעס ביליכערס.

— למשל? פרעגט ר׳ איטשע גרונם ביים יצר־הרע, קראַצט זיך די דריי האָר פונעם מישטיינסגעזאָגטן בערדל, און האַלט אַלץ דעם האַלבן גראָשן צווישן די פינגער.

— למשל? — ענטפערט דער יצר־הרע — קויפט זיך פאַר אַ האַלבן גראָשן שמעק־טאַבאַק. נאָר למען־השם, שמעקט אים, אַז ביילע גיטל זאָל נישט זען. איר מעגט מיר גלויבן, ר׳ איטשע גרונם, ווען איך וואָלט נישט געווען קיין מלאך וואָלט איך אַליין געוואָרן אַ טאַבאַק־שמעקער.

ר׳ איטשע גרונם האָט זיך געצופּט די דריי האָר פון בערדל, געטראַכט אַהין און געטראַכט אַהער, און לסוף באַשלאָסן, אַז דער יצר־הרע איז גערעכט.

ער האָט גענומען דעם האַלבן גראָשן און אים באַהאַלטן אין אַ קע־שענע פון זיינע תחתונים.

# קאַפּיטל זיבן

עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט שיינע חלומות און עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט פּעטש

יאָר איז געגליכן צו אַ חנוכה־דריידל. עס איז קיילעכדיק און עס דרייט זיך.

עס איז אַדורכגעגאַנגען דער זומער, עס איז אַדורכגעגאַנגען דער ווינטער. ס׳איז געקומען ווענע־צייט. די סעדער אַרום כעלם זענען ווידער געשטאַנען אין ווייסן צוויט. ל״ג־בעומר איז ר׳ איטשע גרונם מיט זיין חדר אַרויסגעגאַנגען אויפן הינטער־שטאָט. כעלעמער יידישע קינדער האָבן דאָרט געשאָסן מיט קליינע פייל־ און בויגנדלעך. כלומרשט האָבן זיי געפירט מלחמה מיט די פלשתים. הגם די פלשתים האָבן זיך נישט געוויזן אויפן שלאַכט־פעלד הינטער כעלם. בלויז וואָס ר׳ איטשע גרונם האָט זיך אַוועקגעזעצט אין שפּאַנצער און הויזן און דערציילט פון די פלשתים.

אָבער — וואָס ר׳ איטשע גרונם זאָל נישט האָבן דערציילט און וווּהין ער זאָל נישט האָבן געגאַנגען — אומעטום האָט ער געהאַט פאַר די אויגן דעם מטמון וואָס זאַמלט זיך פוןביילע גיטלס האַלבע גראָשנס אין דעם קאַסטן פון דער עלטער־באָבע מלכה. אין באַשיימפערלעכן בהקיץ האָט ער געזען די גראָבע פּעטע בלינצעס אין וועלכע ער וועט אַריינבייסן, אם ירצה השם שבועות, ווען מיר וועלן עס דערלעבן.

דאָס זעלבע האָט געזען ביילע גיטל. סיי בהקיץ און סיי בחלום האָט דער יצר־הרע איר נישט געזשאַלעוועט צו ווייזן דעם מטמון מיט האַלבע גראָשנס וואָס וואַקסט, קיין עין־הרע, אין דעם קאַסטן פון דער עלטער־באָבע מלכה. איטשע גרונם, געזונט זאָל ער זיין, פוילט זיך מסתמא נישט און שיט צו יעדן טאָג אַ פרישן האַלבן גראָשן.

די נאַכט פאַר ערב שבועות האָט דאָס פאָר־פאָלק נישט צוגעטון קיין

אויג. דער יצר־הרע האָט אַוועקגעוואָרפן אַלע זיינע געשעפטן וואָס ער האָט געהאַט אויפן עולם־הדמיון. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער נישט מער געטון, נאָר געוויזן ר׳ איטשע גרונמען אוןביילע גיטלען אַלערליי געשטאַלטן פון שבועותדיקע בלינצעס.

באַלד, גאָר כאור, זענען ביידע אַראָפּגעקראָכן פון די בעטן. אויף אײַנ־דערגעשווינד האָבן זיי זיך אָפּגעגאָסן די נעגל און געזאָגט מודה־אני. דער ערב־שבועות האָט זיך גראָד אין כעלם געשטעלט אַ ליכטיקער און אַ מחיהדיקער. ממש ער האָט געשמעקט מיט בלינצעס.

ר׳ איטשע גרונם און ביילע גיטל זענען מיט פריידיקער ציטערניש צוגעגאַנגען צו דעם קאַסטן פון דער עלטער־באָבע מלכה. די זון האָט אַריינגעלויכטן מיט איר פרימאָרגן־שפע אויף דעם אַלטן קאַסטן וואָס איז געשטאַנען אויף זיינע רעדלעך. דאָס זון־גאָלד, וואָס האָט זיך שקאָציש געשפילט אויפן דעק פון דעם אַלטן חפץ האָט אויך באַשיימפּערלעך אויס־געקוקט זיך צו פרייען מיט דעם מטמון האַלבע גראָשנס וואָס ליגן אינע־ווייניק אין קאַסטן און פאַר וועלכע מען וועט, אם ירצה השם, מיט גרויס פאַראַד מאַכן שבועותדיקע בלינצעס. ר׳ איטשע גרונם און ביילע גיטל האָבן ביידע צוזאַמען מיט גרויס כוונה אויפגעהויבן דעם דעק און — ויי זענען געבליבן שטיין ווי טויטע.

די שפע פון דער פרימאָרגן־זון האָט באַלויכטן צוויי האַלבע גראָשנס וואָס זענען געלעגן אויפן דנאָ פון דעם קאַסטן אויף רעדלעך — די ירושה פון דער עלטער־באָבע מלכה.

בלייך ווי די וואַנט האָט זיך דער ערשטער אָנגערופן ר׳ איטשע גרונם. די דריי האָר אויף דער גאָמבע האָבן זיך אים אויפגעשטעלט ווי דריי שפּי־ציקע שפּיזן.

— ביילע גיטל! האָט ר׳ איטשע גרונם אַ קוויטש געטון מיט אַ קול וואָס איז אַרויסגעקומען פון אַלע זיינע אינגעווייִדן — ווי איך זע, ימח שמו זאָלסטו מיר ווערן, האָסטו נישט אַריינגעלייגט די האַלבע גראָשנס.

— דו, איטשע גרונם, האָסט געמוזט באַקומען אַ שנעל אין נאָז פון מלאך פּימפּער און האָסט אויך פאַרגעסן אַריינצולייגן די האַלבע גראָשנס, האָט ביילע גיטל געזאָגט מיט אַ גיפטיק געלעכטערל און די שביק־נאָז איז

איר געוואָרן גרין. זי האָט נאָך געזאָגט אַ וואָרט צו ר׳ איטשע גרונמען וועלכעס מיר, דער שפּעטערער מחבר, וויל גאָר נישט איבערחזרן.

די מחברים פון כעלעמער פּינקס דערציילן אפילו כהאי לישנא: אין גרויסן כעס האָט ר׳ איטשע גרונם אַ ריס אַראָפּ געגעבן די שלאָף־קופּקע פוןביילע גיטלס קאָפּ. די יידענע איז, פאַר קיין שום ייד געדאַכט, געבליבן שטיין בגילוי־ראש, מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. ביילע גיטל — שרייבט ווייטער דאָס פּינקס — האָט אָנגעכאַפּט ר׳ איטשע גרונמען פאַר דער גאָמבע און אין גרויסן גרימצאָרן, פון דאָרט אויסגעריסן אַלע דריי האָר. ר׳ איטשע גרונם איז געבליבן שטיין ווי אַ פאָלנער סריס. מיר, דער שפּעטערער מחבר, גלויבן נישט די מעשה און האַלטן עס פאַר אַ שטיקל גוזמא.

גוזמא אַהער, גוזמא אַהין. אָבער, אַז דאָרט איז געווען ווייט פון שלום־בית, און סיי ר׳ איטשע גרונם און סיי ביילע גיטל האָבן געמוזט עפּעס טון מיט די הענט — דאָס, זעט זיך אויס, איז קלאָר ווי דער טאָג.

דער יצר־הרע איז געשטאַנען דער דריטער ביי דעם קאַסטן פון דער עלטער־באָבע מלכה. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז געשטאַנען ווי אַ רואה ואינו נראה. ער איז געווען מלא שמחה, און זיך געריבן די הענט גלייך ער וואָלט זיך געווען געבאָדן אין האָניק און אין פּוטער.

דער יצר־הרע האָט נישט לאַנג געטראַכט און מיטביידע הענט ר׳ איטשע גרונמען און ביילע גיטלען אַריינגעשטופּט אינעם אָפענעם קאַסטן מיט די רעדלעך. און טאַקע באותו הרגע האָט ער, דער יצר־הרע, פאַרמאַכט דעם דעק איבער דעם דרדקי־מלמדישן פאָר־פאָלק.

# קאַפּיטל אַכט

## דער יצר־הרע מאַכט אַ פאַרבלענדעניש

ביז אַהער איז אין אונדזער כעלעמער סיפּור־המעשה אַלצדינג צוגעגאַנגען לויט דעם דרך־הטבע. סיי, אַז אַן אָרעמער מלמד זאָל חשק האָבן צו שבועותדיקע בלינצעס און סיי, אַז אַ פּאָר־פאָלק זאָל אַריינפאַלן אין אַ מחלוקה — דאָס אַלצדינג געהער צו דער טבע פון דעם דרך־העולם, און עס איז נישט קיין מדרש־פּליאה.

ווייבאַלד אָבער ווי ר׳ איטשע גרונם און ביילע גיטל זענען געווען אינעווייניק אינעם פאַרמאַכטן קאַסטן פון דער עלטער־באָבע מלכה האָבן זיך אויסגעלאָזט אַלע דרכים פון טבעיות. הגם דער יצר־הרע זעצט זיך אָן אויף מענטשן ווי אַ פּיאַווקע און וויל פון זיי נישט אָפּטרעטן, פונדעסטוועגן — אַ מלאך בלייבט אַ מלאך. אויב עס לוינט זיך דעם יצר־הרע מאַכט ער מיט דער וועלט אַ קאָזשעליק און דרייט איבער עליונים למטה ותחתונים למעלה. אויב עס פאַרגלוסט זיך אים, דעם קונדס, מאַכט ער מיט דער וועלט פּורים סאַמע אינמיטן אַ פּראָסטן מיטוואָך.

קודם־כל האָט דער יצר־הרע געמאַכט אַ בייז פאַרבלענדעניש. ר׳ איטשע גרונם מיט ביילע גיטלען האָבן גאָר נישט געזען אַז זיי ליגן פאַרמאַכט אין די ענגשאַפטן פון דער עלטער־באָבע מלכהס קאַסטן מיט רעדלעך. זיי איז גאָר אויסגעקומען: אָט שטייען זיי כמקודם אין דער שטוב פאַרן אָפענעם קאַסטן און קריגן זיך ווייטער בפה וביד. פאַרשטייט זיך, דער יצר־הרע האָט אַלץ געטון כדי צוצולייגן האָלץ צום פייער און דאָס געאַמפערניש צווישן דעם פּאָר־פאָלק איז כסדר געוואָרן הייסער. כ׳וויל גאָר נישט נאָכזאָגן דאָס וואָס דער כעלעמער פּינקס שרייבט, נעמלעך: זיי האָבן זיך אינעווייניק אין קאַסטן געפּאַטשט און געריסן פאַר די קעפּ. מן־הסתם איז עס אַ גוזמא.

יאָ גוזמא, נישט גוזמא — קיין לעקעכלעך האָט מען זיך דאָרט נישט געבאַקן והראיה: דער קאַסטן גופא וואָס איז פון קדמונים געשטאַנען אַ לייד־יקער, האָט עפּעס דערשפּירט ווי אינעווייניק אין אים קומט פאָר אַ ביטערע מלחמה. אויף רעדלעך איז ער געשטאַנען, האָט ער זיך מיישב געווען און זיך געטון אַ ריר פון אָרט.

מער האָט דער יצר־הרע נישט באַדאַרפט. מצדו האָט ער דעם קאַסטן געטון אַ שאַרפן שטופּ. אַזוי ווי די טיר איז געשטאַנען אָפן, איז דער באַרעדלטער קאַסטן אַרויס פון דער טיר און אָנגעהויבן צו פאָרן איבער כעלם.

# קאַפּיטל ניין

## אַ קאַסטן לויפט איבער כעלם

וואָס עס האָט זיך געטון אין כעלם ווען מענטשן האָבן געזען ווי אַ קאַסטן פאָרט איינער אַליין איבערן שטעטל, דאָס דאַרף איך דעם לייענער נישט דערציילן. גראָד האָט זיך דער קאַסטן געפונען אויף באַרג־אַראָפּ — מן־הסתם האָט נאָך דער יצר־הרע אונטערגעשטופּט מיטן פוס אויך — האָט דער קאַסטן גענומען לויפן איבער כעלם ווי אַ משוגענער רוח. קודם־כל האָבן יידן פאַרהאַקט די פענצטער און די טירן פון זייערע קרעמלעך. ווי מיר ווייסן, זענען זיך יידן נוהג זינט ששת ימי בראשית, אַז אין יעדער עת־צרה פאַרהאַקט מען קודם־כל די טירן פון די קרעמלעך. אַ קאַסטן, וואָס לויפט אַליין משוגענערוויז איבערן שטעטל זאָגט אוודאי נישט אָן קיין גוטס. דאָס איז געווען פאַר אַלעמען קלאָר ווי דער טאָג.

נאָר ווער האָט זיך עס מתלבש געווען אין אַ קאַסטן און יאָגט איבער כעלם? איז עס אַ מזיק, אַ דיבוק, אַ גלגול, אַ רוח־רעה וואָס מיינט חלילה יידן מזיק צו זיין? איז עס סתם אַ שרעטעלע, אַ ווולקילאַק, אַ שדיש לאַפּיטוטל וואָס עס האָט זיך אים פאַרדרייט די קלעפּקע און ער גייט כעלעמער יידן אָפּשרעקן און זיי אָפּטון אַ שפּיצל? דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט. קודם־כל הקודמס איז געוואָרן אַ בהלה.

ווען מען האָט געזען, אַז דער קאַסטן איז זיך גאָר מיישב און נעמט דעם וועג צו דער כעלעמער שול, האָט זיך גאָר אין שטעטל אָנגעהויבן צו טון קעפּ אויף קעפּ. ס'איז געוואָרן אַ געשריי און אַ געוואַלד. מען האָט שוין געהערט, אַז אַ מעוברתדיקע יידענע האָט זיך אַוועקגעלייגט און, נישט פאַר קיין יידענע געדאַכט, מפּיל געווען פון גרויס שרעק. תחילת האָט זיך פאַרשפּרייט אַ שמועה, אַז דאָס נפלע איז געבוירן געוואָרן מיט צוויי קעפּ. יעדער קאָפּ האָט געהאַט באָרד און פּיאות און זיבן אויגן און יע־

דער קאָפּ האָט געעפנט אַ מויל און גערעדט לשון־קודש. באַלד איז געקו־
מען צולויפן יעכטשע די הייבאס און געזאָגט, אַז ס׳איז לא היה ולא נברא.
עס איז אַ נפלע ווי אַלע נפלעך.

אויב אַזוי — האָט מען געפסקנט, אַז עס איז נאָר אַ גלגול. עס איז
איצט ערב שבועות אינדערפרי. אין שול האַלט מעןביים דאַווענען, לויפט
דער גלגול אַהין נאָכזאָגן אמן. אפשר וועט עס אים פועלן צו אַ תיקון.

גאַנץ כעלם מקטן ועד גדול איז נאָכגעלאָפן דעם קאַסטן וואָס האָט
געיאָגט צו דער שול.

# קאַפּיטל צען

דער קאַסטן לויפט אַריין אין דער כעלעמער שול און עס קומען
די פּרנסי־חודש

די שול איז געווען פול מיט כעלעמער יידן. אַלע זענען געשטאַנען אין טלית און תפילין און געהאַלטן געשמאַק אינמיטן שחרית. מען האָט געהאַלטן אַקוראַט אינמיטן, ווען מען טאָר נישט מפסיק זיין סיידן „נו, אָ״, אָדער אַ פּאָר ווערטער לשון־קודש. אינדרויסן אין כעלם האָט עס געמאַכט מיטן לויפנדיקן קאַסטן. אינעווייניק אין דער שול האָט מען נאָך דערפון נישט געהאַט געוווּסט. מען האָט געהאַט ביליכערעס צו טון. מען האָט געדאַוונט.

פּלוצלינג איז דער קאַסטן אַ פּאָר־אַריינגעגעבן אינמיטן פון דער שול.

פון גרויס שרעק האָבן די דאַוונענדיקע יידן גאָר פאַרגעסן, אַז מען טאָר נישט מפסיק זיין סיידן אויף לשון־קודש. בטליתטע יידן האָבן זיך אַ כאַפּ־אַרויף געגעבן אויף די בענק און אויף פּראָסט יידיש מאַמע־לשון געשריגן געוואַלד.

דאָס גרויסע ווונדער מיטן קאַסטן ווי אויך די געוואַלדן אין שול האָבן באַלד דערגרייכט צו די אויערן פון כעלעמער ראשי־הקהל. עס זע־נען געקומען אָנצולויפן די פּרנסי־חודש ר׳ יוסף לאָקש און ר׳ קיווע בלאָז. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט אויך נישט געפעלט ר׳ געצל גדליה דער זאַ־איקע, דער כעלעמער בעל־עצה. מיט די ראשי־הקהל איז אויך געקומען אָנצולויפן ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש.

די כעלעמער „מזרח־וואַנט״ האָט זיך קוים געקאָנט אַדורכשטופּן דורך דער געדרענגעניש ביי דער שול־טיר. האַלב כעלם, ווייבער און קינ־דער, זענען געשטאַנען און געקוקט און געשריגן.

אינעווייניק אין דער שול איז דער קאַסטן געלאָפן אַהין און אַהער. יידן אין טליתים און תפילין זענען געשטאַנען אויף טיש און בענק, גע־מאַכט מיט די הענט און געשריגן געוואַלד. עס איז געווען הימל עפּן זיך. און ווייבער זענען ווידער געפאַלן אין חלשות. מען האָט געמיינט, אַז אין כעלם הויבט זיך אָן צו עקן די וועלט.

## קאַפּיטל עלף

ר׳ איטשע גרונם אוןביילע גיטל

דער יצר־הרע, ימח שמו זאָל ער ווערן, האָט געמאַכט אַזוי, אַז הגם כעלם האָט געשריגן און געליאַרעמט און מען האָט עס געהערט זיבן מייל אויף דער ווייט — אָבער ר׳ איטשע גרונם און ביילע גיטל אינעווייניק אין קאַסטן האָבן געהאַט פאַרשטאָפּטע אויערן ווי טויזנט טויבע. זיי האָבן גאָר נישט געהערט און נישט געוווסט פון קיין פּתרון און קיין חלום. זיי האָבן נישט געשפּירט ווי עס לויפט מיט זיי דער קאַסטן און רק געמיינט אַז זיי שטייען כמקדם פאַר דער אָפענער ירושה פון דער עלטער־באָבע מלכה און פירן ווייטער צווישן זיך, ווי עס שרייבט דאָס כעלעמער פּינקס, אַ ביטערע מלחמה ביד ובפה.

אויב ר׳ איטשע גרונם דער דרדקי־מלמד און זיין פלוניתטע ביילע גיטל האָבן נישט געוווסט, אַז זיי פאָרן איצטער משוגענערווייז אַרום איבער דער שול, אויב כעלם האָט געמיינט, אַז די וועלט האַלט, רחמנא ליצלן, ביים סוף — און די געוואַלדן פון יידן זענען געגאַנגען עד לב־השמים — אין אַזאַ שעת־הירום וואָס האָט נעבעך געקאָנט וויסן דער אַלטער הילצער־נער קאַסטן פון דער עלטער־באָבע מלכה?

טאַקע גאָרנישט. ר׳ איטשע גרונם וזוגתו האָבן אים געשטופּט פון אי־נעווייניק. דער יצר־הרע האָט אים געשטופּט פון אויסנווייניק — איז ער אַרומגעפאָרן אויף זיינע רעדלעך איבער דער כעלעמער שול.

# קאַפּיטל צוועלף

די ראשי־הקהל מאַכן אַן אסיפה אויפן טיש און דער קאַסטן פּאָרט אַרום דעם באַלעמער

די כעלעמער ראשי־הקהל מיט ר׳ יוסף לאָקש און ר׳ קיווע בלאָז בראש האָבן אַ קוק געטון און געזען וואָס עס טוט זיך און ווי דער קאַסטן פּאָרט אַהין און צוריק איבער דער שול. הלמאי זאָלן מיר עס לייקענען? אויך זיי איז באַפּאַלן אַ פּחד. די „מזרח־וואַנט“ איז אויך נישט אָפּגעשטאַנען פון קהל און איז אויך אַרויפגעקראָכן אויפן טיש. פּונקט האָט ר׳ געצל גדליה דער זאַאיקע נישט געהאַט קיין אַנדערע צייט אויף עצות־טובות נאָר אין אַזאַ שעת־חירום. ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען און צו מאַכן מיט די הענט. דער קאַסטן האָט געמיינט, אַז דאָס רעדט ר׳ געצל גדליה צו אים, און ער האָט זיך מיישב געווען און אַ פּאָר צו געטון צום זאַאיקע. ר׳ געצל גדליה איז געוואָרן ווייס ווי די וואַנט און שיעור נישט געפאַלן אין חלשות. מער אַ טויטן ווי אַ לעבעדיקן האָט מען אים אַרויפגעשלעפּט אויפן טיש צו די ראשי־הקהל. פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש האָט דאָרט אויך נישט געפעלט.

הגם כעלעמער יידן האָבן געזען צווישן זיך די מנהיגי־הדור מיט ר׳ יוסף לאָקשן בראש, פונדעסטוועגן האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו מאַכן געוואַלדן. וואָס עס האָט זיך געטון אויבן אין דער ווייבער־שול און אינדרויסן ביי דער טיר — פון דעם איז גאָר אַ פּען נישט ביכולת צו דערציילן.

דערזעענדיק אַז עס נעמט נישט קיין סוף און דער קאַסטן פּאָרט אַרום וואָס ווייטער אַמאָל ווילדער און משוגענער, האָט ר׳ יוסף לאָקש געזאָגט, אַז מען מוז מאַכן אַן אסיפה און טאַקע באַלד דאָ אויפן טיש.

כך הוה: די אסיפה האָט נישט געקאָנט געדויערן זיבן טעג און זיבן נעכט, ווי עס איז דער דרך אין כעלם. מען איז געשטאַנען אויפן טיש און

ס׳איז נישט געווען קיין צייט. די געוואלדן פון עולם זענען געוואָרן שטאַר־קער פון מינוט צו מינוט. דער קאַסטן האָט גענומען פלינקער און האַס־טיקער אַרומצופּאָרן איבער דער שול.

האָבן די ראשי־הקהל געפּסקנט: בלי־ספק איז עס א גלגול צי אַ דיבוק — אויף קלאָר האָט מען נישט געקאָנט וויסן — וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף כעלעמער יידן, אז זיי זאָלן אים געבן תיקון. דער לאַקירדע ר׳ קיווע בלאָז האָט זיך אויפן סאמע טיש אפילו איינגעשפּארט, און אַלע־מען אויף קאַפּויער געזאָגט: ניין, עס איז נייערט א שרעטעלע. נאָר מען האָט אים נישט געהערט. ר׳ געצל גדליה דער זאַאיקע האָט אויך עפּעס גע־שטאַמלט, אים האָט מען אוודאי נישט געהערט. איז געבליבן ביי דער אסיפה אויפן טיש: היות ווי דער גלגול, צי דער דיבוק, האָט זיך אַריינ־געכאַפּט אין שול — וועט מען פון אים נישט פּטור ווערן סיידן מען וועט זאָגן תהילים.

ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש, האָט אַ געשריי געטון צום עולם:

— זאָל ווערן געזאָגט תהילים!

יידן, האָבן געהערט — תהילים, האָבן זיי נישט לאַנג באַלאַמוטשעט. אויף אַלע טישן האָט מען גענומען זאָגן תהילים.

דער קאַסטן האָט נישט געוויזן קיין סימן, אַז ער וויל איינרוען. ער איז ווייטער ארומגעפּאָרן.

האָט מען געזען, אַז ס׳איז נישט גוט. קיין צייט צו טראַכטן איז נישט געווען. האָט ר׳ יוסף לאָקש באַשלאָסן אויפן אָרט, אַז נישט געקוקט דע־רויף וואָס ס׳איז ערב שבועות, מוז מען בלאָזן שופר.

ס׳איז אַ ווערטעלע צו זאָגן שופר. דער שופר ליגט אין שולחן אויפן באַלעמער. און גראָד פּאָרט איצט דער קאַסטן פונקט אַרום דעם באַלעמער.

ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש, האָט זיך פּשוט איינגעשטעלט אויף מסירת־נפש און איז געשפּרונגען פון טיש צו טיש ביז ער איז ענדלעך אַרויפגעפּרונגען אויפן באַלעמער, אַרויסגעכאַפּט דעם שופר און געוואַרט אויף ווייטערע באַפעלן פון דעם פּרנס־חודש ר׳ יוסף לאָקש.

— בלאָזט אַ תשר״ק, ר׳ מנשה! — האָט ר׳ יוסף לאָקש צו אים אריי־בערגעשריגן פון איבער אַלע טישן.

ר׳ מנשה האָט אָפּגעבלאָזן אַ הילכיקן תשר״ק. דער ערב שבועות אינ־דערפרי האָט ממש געשמעקט מיט ימים־נוראים.

דער קאַסטן האָט אָנגעהויבן נאָך געשווינדער אַרומצופּאָרן.

האָבן די ראשי־הקהל אויפן טיש ווידער אויפאינדערגעשווינד געמאכט אַן אסיפה. ס׳איז געבליבן: איין ייד מוז זיך מקריב זיין צוליב אַן עדה מיט יידן. ער מוז אַראָפּגיין פון טיש און פשוט אָנכאפּן דעם קאסטן.

אָבער ווער זאָל זיין דער קרבן? עס איז אַ לייכטע זאך צו זאָגן, אָבער שווער אויסצופירן. אַיעדער איינער האָט געוויזן אויף דעם אנדערן. אפילו ר׳ קיווע בלאָז, וואָס האָט ביז איצט מבטל געווען די גאנצע מעשה און געזאָגט, אַז ס׳איז נישט מער ווי אַ שרעטעלע — ער האָט אויך אָנגעהויבן חוזר צו זיין.

זינט כעלם איז כעלם און זינט ר׳ קיווע בלאָז איז פּרנס־חודש, האָט ער זיך ס׳ערשטע מאָל נישט געשטעלט פאַפּעריק און מסכים געווען מיט קהל. אמת, ער האָט עס נאָר געזאָגט מיט אַ האַלב מויל, היינו: עס איז מעגלעך, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות און ס׳איז נישט קיין שרעטעלע, נייערט נעבעך א וויסטער גלגול. אויב אַ גלגול — וויל ער זיך מיט אים נישט איינרייסן.

עס איז נישט געווען קיין עצה. באותו הרגע האָט ר׳ יוסף לאָקש געפּסקנט, אַז מען זאָל ציען קניפּלעך צווישן די ראשי־הקהל. ווער עס וועט אַרויסציען דאָס קניפּל, דער מוז זיך איינשטעלן דאָס לעבן לטובת דעם כלל פון יידן.

אומר ועושה. ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש, האָט דערלאַנגט זיין רויטע פאַטשיילע. מען האָט געמאכט אַ קניפּל אין איינעם פון די פאַטשיי־לע־שפּיצן.

ר׳ מנשה האָט געהאלטן די פאטשיילע. טאקע אויפן טיש האָט אַיעדער איינער פון די ראשי־הקהל מיט אַ קלאַפּנדיק הארץ אָנגענומען אַ שפּיץ און געצויגן.

דאָס קניפּל האָט אַרויסגעצויגן ר׳ קיווע בלאָז.

תחילת האָט ר׳ קיווע בלאָז גאָרנישט געוואָלט גלויבן, אַז ער האלט דאָס קניפּל אין דער האַנט. ער האָט דערויף געקוקט און געקוקט און גע־שאָקלט מיט זיין גרויסער באָרד. דער פּחד אין דער שול איז געוואָרן נאָך

גרעסער, מחמת נאָכן גורל האָט דער קאַסטן נאָך מיט אַ שטאַרקערן אימ־פעט אָנגעהויבן אַרומצופּאָרן אַרום דעם באַלעמער. די ראשי־הקהל האָבן געוואונטשן ר׳ קיוועו מזל־טוב און אים געהייסן זיך גרייטן. ר׳ קיווע האָט געשאָקלט מיט דער באָרד און געקוקט אויפן קניפּל פון ר׳ מנשהס פאַטשיילע, וואָס ער האַלט אין דער האנט. ער איז געווען בלאַס ווי די וואַנט און געטראַכט צו זאָגן ווידוי.

אויף דער וועלט איז גאָרנישט בנמצא די פען, וואָס זאָל זיך אונטער־נעמען צו באַשרייבן דאָס, וואָס עס האָט זיך געטון אין האַרצן פון ר׳ קיווע בלאָז בעת ער האָט נעבעך געמוזט אַראָפּקריכן פון טיש. דאָס פּנימל זיינס האָט זיך אינגאַנצן אַריינבאַהאַלטן אין דער גרויסער באָרד. לויט ווי עס שרייבט דער כעלעמער פּינקס, האָט ר׳ קיוועס באָרד פאַרלוירן איר גדלות און זי האָט אויסגעקוקט נעבעכדיק און זיך געטרייסלט פון שרעק און פּחד. פאַרצייטישע יידן האָבן אָבער געפּאָלגט, ווען זיי האָבן ארויסגעצויגן דאָס קניפּל.

ווי אַזוי ר׳ קיווע בלאָז איז צוגעקומען צום קאסטן, וועלכער האָט נישט אויפגעהערט משוגענערוויז אַרומצופּאָרן — דאָס צו באשרייבן זענען די פעדערס פון די כעלעמער שרייבער געווען, זעט זיך אויס, צו שוואך. זיי שוויגן בעסער וועגן דעם גרויסן געשעעניש און הייבן אָן דערביי, ווי ר׳ קיווע בלאָז איז אַרויפגעפאַלן אויפן קאַסטן און האָט אים אָנגעכאַפּט.

# קאַפּיטל דרייצן

דער יצר־הרע עפנט דעם קאַסטן און כעלם מאַכט שארפע תקנות.

באותו הרגע — מן־הסתם האָט עס געטון דער יצר־הרע — האָט זיך דער קאסטן פון דער עלטער־באָבע מלכה אָפּגעשטעלט. אין דער שול איז געוואָרן אַ גרויס שווייגעניש. דער יצר־הרע האָט מסתמא אליין אויפֿגעמאכט די דעק און פון קאסטן זענען אַרויסגעשפּרונגען דער דרדקי־מלמד ר׳ איטשע גרונם וזוגתו מרתביילע גיטל.

תחילת האָט מען דאָס פּאָרפּאָלק גאָרנישט דערקענט. ר׳ איטשע גרונם איז געשטאנען א רויטער און אַן אויסגעפּאַטשטער. די דריי האָר האָבן אים געפּעלט אויף דער גאָמבע און ער האָט אויסגעקוקט ווי אַן אמתער סריס. ביילע גיטל איז געשטאַנען בגילוי־ראש מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. אויף אירע באקן האָט מען באשיינפּערלעך דערקענט די דארע מלמדישע פינגער פון ר׳ איטשע גרונמען. דאָס פּאָרפּאָלק האָבן זיך צע־שראָקענע אַרומגעקוקט בעת זיי האָבן געזען, אז זיי געפינען זיך אינמיטן דער כעלעמער שול און אויף די טישן שטייען יידן אין טלית און תפילין. ר׳ יוסף לאָקש און ר׳ געצל גדליה, דער זאַאיקע, זענען די ערשטע אראָפּ פון טיש און צוגעגאַנגען צום פּאָרפּאָלק.

ר׳ קיווע בלאָז האָט נישט געוווסט וואָס מיט אים טוט זיך. ער איז געלעגן חלשות אין די הינער־פּלעט. זישע דער רופא האָט אים געמוזט לאָזן אָדער.

ר׳ יוסף לאָקש האָט גענומען דאָס פּאָרפּאָלק אויפן צימבל און די מעשה מיט די בלינצעס איז אַרויס ווי בוימאייל אויפן וואסער.

באַלד נאָך שבועות האָט ר׳ יוסף לאָקש גערופן אַן אסיפה פון די ראשי־הקהל. מען איז געזעסן אין געטראַכט זיבן טעג און זיבן נעכט. מען האָט געמאכט שארפע תקנות, אַז אַזעלכע מעשיות זאָלן מער נישט קענען געשען אין כעלם. די תקנות האָט מען פארשריבן לדורות אין כעלעמער פינקס. זיי שטייען שוואַרץ אויף ווייס עד היום הזה.

## קאַפּיטל פערצן

דער יצר־טוב און דער יצר־הרע אויפן וועג

צומאָרגנס נאָך דער כּלעמער אסיפה, האָט דער יצר־טוב איינגעשפּאַנט זיין בידנע פערד און וועגעלע, אַרויפגעלייגט דערויף זיין דרך־הישר און אים, דעם דרך־הישר, הייסט עס, צוגעדעקט מיט אַ פּלאַכטע. דער יצר־טוב האָט געהערט, אַז אין אַן אַנדער שטעטל איז אַ יריד און ער האָט זיך אַהין געשלעפּט מיט זיין פוילער סחורה. ער האָט זיך געשלעפּט אויף אַ שווערן און זאמדיקן פּוילישן וועג. מחמת עס איז געווען א ווייסער טאָג איז דער יצר־טוב געזעסן אויף דער קעלניע אין א יאַרמולקע און אין בלויזן אַרבע־כּנפות. ער האָט אַ קאַפּעטשקע געדרעמלט.

פּלוצים איז פון הינטן מיט גרויס קנאַק אויף אַ שאַרפער ברימשקע אָנגעפאָרן דער יצר־הרע.

מחמת דעם גרויסן רעש, וואָס דעם יצר־הרעס בריטשקע האָט אָנגעמאכט, האָט זיך דער יצר־טוב אויפגעכאפּט.

— נו, פּאַניע יצר־טוב, וואָס האָב איך איך געזאָגט וועגן איטשע גרונמען? — האָט דער יצר־הרע צום יצר־טוב אריבערגעשריגן פון דער בריטשקע און זיך ממזריש געגלעט די נגידיש־צעקעמטע באָרד.

— כּעלם האָט געמאכט תּקנות, אז מער זאָל אַזעלכעס נישט געשען — האָט דער יצר־טוב געענטפערט מיט גרויס תּמימות.

— איר זייט געווען אַ בטלן, פּאַניע יצר־טוב, און איר וועט שוין בלייבן אַ בטלן עד סוף כּל הדורות! — האָט דער יצר־הרע געלאַכט. — תּקנות? א שיינער סטראַשונאָק פאַרן יצר־הרע! עד לאַך מיך אויס פון אַלע תּקנות — האָט ער געזאָגט אויף אַ קירהשן יידיש און אַ געשריי געטון צום בעל־עגלה: פּאָר בערל!

דעם יצר־הרעס בריטשקע האָט געטון אַ ריס און אַוועק ווי א וויכער. זי האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גרויסן שטויב, וואָס האָט איינגעהילט דעם יצר־טוב מיט זיין פערד און וועגעלע.

# קאַפּיטל איינס

## חכמה און זיקנה.

ווי עס איז באַוווסט, ווערט חכמה אמאָל אָנגערופן זיקנה. חכם וזקן, דאָס הייסט: עלטער און קליגשאפט זענען איינס און דאָס זעלביקע. הכמים דערגרייכן אָפט צו גאָר אַ טיפער זיקנה. פארשטייט זיך: מיט דער עלטער וואקסט די חכמה און ווערט קלאָר און צייטיק ווי אלטער וויין.

ווייל כעלם איז געווען אזא קלוגע שטאָט איז זי דעריבער אויך געווען אַן אַלטע שטאָט. ווי מיר געדענקען פון די פריערדיקע מעשיות, איז כעלם געבויט געוואָרן כמעט אַ טאָג נאָך ששת ימי בראשית .

אין כעלם זענען טאקע געווען גרויסע זקנים. די דאָזיקע זקנים זענען טאקע געווען פון די קליגסטע כעלעמער הכמים. זיי האָבן שוין אלצדינג געהאַט געזען און אלצדינג געוווסט. דאָס זענען געווען אַלטע יידן פון די ערשטע כעלעמער, דאָס הייסט: ששת־ימי־בראשיתדיקע יידן, יידן, וואָס האָבן נאָך גוט געדענקט אָדם הראשונען און מיט אים געדאווענט אין איין בית־המדרש.

אין כעלם איז געווען אַ ייד אַ זקן, וואָס אַלע האָבן געוווסט, אז ער האָט געהאַט קוואַטערשאַפט ביי מתושלחן.

כעלם איז געווען א קלוגע שטאָט און אַן אַלטע שטאָט. אַלט ווי די וועלט און אַלט ווי יידן. דער לייענער וועט זיך דעריבער נישט חידושן, וואָס מיר וועלן אים דערציילן, ווי אַזוי עוג מלך הבשן האָט זיך געמאַכט אַ קאַפּאָטע ביי אַ כעלעמער שניידער. קעגן מתושלחן איז עוג מלך הבשן געווען נאָך גאָר א צוציק.

## קאַפּיטל צוויי

עוג מלך הבשן, סיחון מלך האמורי, זייערע ווייבער
און זייערע הויפן

ווי די מדרשים דערציילן, איז עוג מלך הבשן געווען אַ גוי אַן אָסאָבע. זיין הייך איז געווען צוואנציק איילן און זיין ברייט איז אויך געווען צוואנציק איילן. קיין עין־הרע! אַלע האָבן קעגן אים אויסגעקוקט ווי די מילבן. אויף אַן אסיפה מיט די שרים און מיניסטאָרן פון בשן — פּונקט ווי אין כעלם האָט זי געדויערט זיבן טעג און זיבן נעכט — האָט עוג מלך הבשן געמוזט ליגן אויף דער ערד, כדי זיינע שרים זאָלן אים הערן. ווען ער וואָלט געווען געזעסן — איז מחמת זיין הויכעניש וואָלט קיינער נישט געווען פאַרנומען זיין קול. טעלעפאָנען, ווי היינט צו טאָג, עוג מלך הבשן זאָל אַראָפּ טעלעפאָנירן פון זיין מויל צו די אויערן פון זיינע שרים — איז פאַרצייטנס נישט געווען. במשך דער גאַנצער צייט פון אַ קע־ביגלעכער אסיפה האָט דער מלך עוג נעבעך געמוזט ליגן אויפן בויך, אַבי מען מיינט, אַז אַ מלך איז דאָ מיט וואָס מקנא צו זיין!

עוג מלך הבשנס פּלוניתטע, די מלכה ירום הודה, האָט געהייסן קפּרי־סין. זי איז דווקא געווען אַ קליינע און אַ דריבנע. אַ מויל האָט זי אָבער געהאט אויף שרויפן. זי — האָט שוין עוג מלך הבשן דווקא יאָ געהערט. ווען די מלכה קפּריסין האָט געעפנט אַ מענה־לשון, האָט מען נישט באַ־דאַרפט קיין טעלעפאָנען. מען האָט שוין געהערט. פּעטש, ווי לצים זאָגן, האָט זי עוגן אויך נישט געזשאַלעוועט. איי, ווי אזוי האָט די דריבנע מלכה קפּריסין געקאָנט דערגרייכן צו די באקן פון עוג מלך הבשן? איז גיי פרעג אַ קשיא אויף אַ יידענע! זיי קענען אַלץ.

עוג מלך הבשן און סיחון מלך האמורי זענען געווען לייבלעכע שוואָ־גערס, געקניפּט און געבונדן. די מלכה קפּריסין איז געווען אַ לייבלעכע

שוועסטער פון סיחון מלך האמורי, און זי האָט אויסגעקוקט ווי סיחון אויסן אויג. סיחון איז גראָד געווען אַ פּיצעלע מלכל, גרויס ווי אַ טל־ ומטרל. דערפאַר איז די הויכע זרש, דעם מלך עוגס שוועסטער, געווען די פלוניתטע פון קעניג סיחון. זי האָט אפילו נישט געהאט דאָס געוויקסיקע גדלות פון איר ברודער עוג. אַקעגן סיחונען אָבער, האָט זי אויסגעקוקט ווי אַ וואָלקנבראָך.

הכלל, די קעניגלעכע הויפן פון בשן און אמורי זענען געווען געקניפּט און געבונדן, מען האָט געלעבט צווישן זיך ווי טייבעלעך און מען איז געפאָרן איינער צום אנדערן אויף חתונות. אמאָל האָט מען אויך געפירט מלחמות און געשאָסן איינער אויפן אַנדערן מיט פיילנבויגנס. מיר זענען דאָך עפּעס מלכים און פירן די גראַנדע!

# קאַפּיטל דריי

עוג מלך הבשן גייט אָנגעטון ווי אַ שלעפּער און בשנער שניידער זענען גוזר תענית.

מיר ווילן נישט דערציילן אַלץ, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון אין די קעניגלעכע הויפן פון בײדע לייבלעכע שוואָגערס. מיר ווילן אויך נישט דערציילן פון די חרפּות און בושות, וואָס דער גרויסער עוג מלך הבשן האָט געהאט אויסצושטיין פון דער מלכה קפּריסין. ער האָט פאַר איר געהאַט דאָס זיבן־יאָריקע קדחת און אַמאָל געכאַפּט פּעטש, ווען ער האָט עס פאַרדינט. מער ווילן מיר נישט דערציילן. מיר זענען נזהר אין כבוד המלכות און ווילן נישט אויסשטעלן עוגן פאַר אַ ווייבערישן פּאָד־פּאַנטאָפל.

אַזוי ווי מיר שרייבן כּלעמער מעשיות, וועלן מיר דערציילן אַ מעשה, וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן עוג מלך הבשן און דער אַלטער קלוגער שטאָט כעלם. אַ שטאָט, וואָס איז עלטער געווען, ווי מיר ווייסן, פון עוג מלך הבשן און פון סיחון מלך האמורי. די חכמה פון כעלם האָט געקלונגען ווייט און ברייט אפילו אין יענע לענדער פון חומש.

צרות האָט עוג מלך הבשן געהאט סיי פון זיין אשת חילטע, דער מלכה קפּריסין, און סיי פון זיינע צוואַנציק איילן די הייך און צוואַנציק איילן די ברייט. די לייט פון בשן זענען גראָד נישט געווען קיין געוויקסיקע און ווען ס׳איז אויסגעקומען עוגן צו מאַכן אַ נייע קאַפּאָטע, אים צו פאַרריכטן די גאָלדענע קרוין אויפן קאָפּ, האָט זיך אין מלכות בשן געטון חושך ואפילה. קיין שום בשנער שניידער האָט נישט געקאָנט דערלאַנגען צו נעמען דעם קעניג אַ מאָס אויף אַ קאַפּאָטע. גיי מעסט אויס די לבנה! עטלעכע שניידערוקעס האָט מען עפּנטלעך געקעפּט אויפן בשנער מאַרק, כדי אָפּצושרעקן אַנדערע, נאָר וואָס פּועלט קעפּן? די בשנער שניידער האָבן פאָרט נישט באַוויזן אויסצומעסטן דעם קעניג.

עס איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אַז דער מלך עוג איז נעבעך אַרומגע־גאַנגען קריוע־ובלוע, מיט צעריסענע תחתונים, מיט אַ צעדריפּעטער קאַ־פּאָטע און מיט אַ צעבראָכענער כתר־מלכות.

די מלכה קפּריסין האָט אָנגעהויבן אויף אים צו קוקן ווי אויף אַ סענדערל די יידענע און האָט געשריבן צו איר ברודער סיחון, באשר בכן, זי קאָן מער נישט אויסהאַלטן מיט אַזאַ שלעפּער און זי שעמט זיך פּשוט צו ווייזן פאַר מענטשן.

ביי די בשנער שניידער איז געווען תשעה־באב און מען האָט גוזר־תענית געווען. ס'איז אַרויס אַ גזירה פון העכסטן סענאַט כהאי לישנא: אויב מען וועט נישט נעמען די מאָס פאַרן מלך עוג און אים נישט מאַכן קיין נייע קאַפּאָטע, וועט מען אַלע שניידערס אויפהענגען אינמיטן מאַרק. וואָס הייסט, אַ שניידער קאָן נישט מאַכן קיין קאַפּאָטע פאַרן מלך? עס איז נישט מער סיידן אַ מרידה. אַלע בשנער שניידערוקעס וועלן געמשפּט ווערן ווי מורדים במלכות.

מען האָט די שניידערס געגעבן דריי טעג צייט אויף ישוב. צומאָרגנס אויפן דריטן טאָג, ווען זיי וועלן ווייטער בלייבן עומדים במרדם, מעגן זיי זיך גרייטן אַוועקצולייגן די קעפּעלעך אויפן יאַטקע־קלאָץ.

## קאַפּיטל פיר

ר׳ בגתן דער שניידער גיט אַן עצה.

ויהי ביום השלישי. אויפן בשנער מאַרק האָט מען שוין אָנגעהויבן אויפצושטעלן די תליות. אין קעניגלעכן פּאַלאַץ זענען געזעסן עוג מלך הבשן, קרוע־ובלוע, לעבן אים — די מלכה קפּריסין בכל יפה, באַהאָנגען מיט בריליאַנטן און דימענטן. אַרום דעם קעניגלעכן שלעפער זענען געזעסן די שרי המלוכה אין גאָלד און אין זילבער. מען איז געזעסן און געוואַרט אויף דער תשובה פון עמך, שער און אייזן.

עפנט זיך די גאָלדענע טיר פון קעניגלעכן פּאַלאַץ און עס באַווייזט זיך ר׳ בגתן, דער גבאי פון שניידערישן שולכל אין בשן. ער בוקט זיך זיבן מאָל אויף דער שוועל.

— וואָס ווערט איר זאָגן גוטס, ר׳ בגתן? — האָט די מלכה קפּריסין געפרעגט. זענט איר טאַקע געקומען נעמען די מאָס פאַרן קעניג עוג?

— ניין, מלכהשי — האָט ר׳ בגתן געזאָגט און געציטערט ווי אַ בלאַט — איך בין געקומען מיט אַ קלוגער עצה. אַ קלוגע עצה איז בעסער ווי אַ נאַרישע קאַפּאָטע — האָט ר׳ בגתן געזאָגט כלומרשט מיט אַ שניידעריש גלייכווערטל, הגם אים איז נעבעך געווען ביטער אויפן האַרצן.

— אַן עצה טובה האָב איך תמיד ליב צו הערן — האָט זיך אָנגערופן דער שר ויזתא, דער משנה־למלך פון לאַנד בשן. דער שר ויזתא איז געזעסן ביים קעניגלעכן טיש און געררויכערט אַ לאַנגן ליולקע־ציבעק.

— האָט איר געהערט פון דער שטאָט כעלם? — האָט ר׳ בגתן דער שניידער געפרעגט און אַ קוק געטון אויפן גאַנצן געזעמל פון שרי מלכות בראש מיטן אָפּגעריסענעם קעניג עוג.

— וואָס הייסט נישט געהערט פון כעלם? — האָבן אַלע שרים געענטפערט מיט איין קול.

—איז מיין עצה — האָט ר׳ בגתן ווייטער געזאָגט — אַז עוג מלך הבשן זאָל זיך מטריח זיין קיין כעלם און זיך דאָרט לאָזן מאכן אַ קאַפּאָטע. כעלעמער שניידער וועלן שוין וויסן ווי צו נעמען די מאָס ביי אַזאַ אָסאָבע, קיין עין־הרע, ווי עס איז זיין מאַיעסטעט. דאָ אין בשן קאָנט איר טאקע אונדז אלע אויפהענגען אויף תליות, קליגער וועט אָבער קיינער דערפון נישט ווערן.

מען האָט גערופן אַ גרויסע אסיפה. מען איז געזעסן זיבן טעג און זיבן נעכט און באַשלאָסן, אז ר׳ בגתן דער שניידער איז גערעכט. עוג מלך הבשן מוז זיך מטריח זיין קיין כעלם.

## קאַפּיטל פינף

אין כעלם באַוויזט זיך אַן אָרעמאַן און אין שטעטל ווערט פינצטער.

קיין סך צייט האָט ביי עוג מלך הבשן נישט געדויערט פון בשן קיין כעלם. מיט זיינע לאַנגע רגלים האָט ער געמאַכט נאָר עטלעכע גרויסע שפּרייזן, און אָט איז ער שוין אין כעלם.

אין כעלם אָבער איז געוואָרן מיטאַמאָל פינצטער. מען האָט געמיינט, אַז עס איז אַ ליקוי חמה. יידן האָבן אויפגעעפנט די פענצטער און געזען ווי אַ פּאָר צעריסענע תחתונים פילן אָן דעם גאַנצן חלל פון שטעטל. די קרוין פון עוגס קאָפּ האָט מען נישט געזען, מחמת מען וואָלט באַדאַרפט צו איר אַרויפקוקן מיט שפּאַקטיוון — דעריבער האָט מען תחילת נישט געוווסט, אַז עוג מלך הבשן איז געקומען קיין כעלם.

מען האָט געזען ווי אין שטעטל קומט אַריין עפּעס אַ געוואַלדיקער אָרעמאַן, אַ שלעפּער. אַ כעלעמער ייד האָט געטון אַ זאָג: כּפי עס דאַכט זיך אים אויס, איז עס ר׳ פּיווקע דער ליטוואַק פון דעם חיבור „שמחה פּלאַכ־טע״, אַלע האָבן אים אויסגעלאַכט: — ר׳ פּיווקע איז דאָך גאָר אַ פּיצעלע יידעלע און דער דאָזיקער שלעפּער מאַכט דאָך פינצטער אין כעלם!

הכלל, טראַכט אהין, טראַכט אַהער: קיינער ווייסט דערווייל נישט, אַז סך־הכל איז עס גאָר דער מלך עוג פון לאַנד בשן. מען קוקט און מען קוקט און מען זעט, ווי דער דאָזיקער באַרג פון אַן אָרעמאַן גייט צו צו דער טיר פון ר׳ געצל דעם שניידער.

## קאַפּיטל זעקס

ר׳ געצל דער שניידער.

ר׳ געצל דער שניידער איז געזעסן אין שפּאַנצער און הויזן, אין דער יאַרמלקע און אין ארבע־כנפות. ער האָט געאַרבעט שניידעריי און זיך געזונגען אַ זמרל. הערט ער, אַז מען קלאַפּט ביי דער טיר, גייט ער עפענען. זעט ער קיין עין־הרע אַזאַ אָסאָבע, וויל ער קודם־כל זאָגן א שניידעריש גלייכווערטל.

עוג מלך הבשן לאָזט ר׳ געצלען נישט קומען צום וואָרט און ווייזט אים די צעריסענע תחתונים, דערציילט אים דאָס ביטערע האַרץ, און ער, עוג, איז געקומען קיין כעלם, ר׳ געצל זאָל אים דאָ מאכן א נייע קאַפּאָטע.

און עמך־שער־און־אייזן אין בשן? — האָט ר׳ געצל געפרעגט — און שוין גענומען אין דער האַנט אַריין דעם שניידערישן קרייד.

— וואָס פרעגט איר, ר׳ געצל? — האָט עוג מלך הבשן געענטפערט ווי אַן אָפּגעשמיסענער. — סאמע בהמות, כאָטש שינד פון זיי די הויט!

— זאָרגט אייך נישט, אדוני קעניג — האָט ר׳ געצל געזאָגט — און עוג מלך הבשנען געגעבן אַ שניידעריש פעטשל אין הינטן אַריין — מיר וועלן אייך מאכן אַ מלבוש, וועט עס זיין קנאקעדיק און טשאקענדיק.

# קאַפּיטל זיבן

## ר׳ געצל מאַכט עוגן אַ קאַפּאָטע

אַ פריילעכער, מיט דער שניידערישער מאָס אויפן האַלדז, האָט ר׳ געצל דער שניידער, אַרויסגעפּירט עוגן אויפן כּעלעמער מאַרק. אין דער שטוב אַריין, צו ר׳ געצלען, וואָלט עוג מלך הבשן נישט געקאָנט אַריין, סיידן ער זאָל אים צעלייגן דאָס הייזל. ר׳ געצל האָט געהייסן עוגן וואַרטן. אין שטעטל האָט מען זיך באַלד דערוווסט, ווער עס איז געקומען קיין כעלם. יידן, וואָס האָבן עוגן געקאָנט פון חומש און פון מדרש, זענען גע־שטאַנען און געקוקט. דערווייל האָט ר׳ געצל צוגערופן חוזקן, דעם שטאָט־נאַר, און אים געהייסן ברענגען אַ גרויסן לייטער.

ווען חוזק האָט געבראַכט דעם לייטער, האָט ר׳ געצל אים צוגע־שטעלט צו עוגס פּלייצע. ר׳ געצל איז אַרויפגעקראָכן אויף דעם לייטער, געבאָמקעט אַ שניידעריש זמרל און אויסגעמאָסטן עוג מלך הבשנען פון קאָפּ ביז די פיס.

נאָכן אויסמעסטן, האָט זיך ר׳ געצל באַלד גענומען צו נאָדל און פאָדעם, און אויפגענייט פאַר עוגן אַ קאַפּאָטע, אַז עס איז געווען וואָס צו זען.

ווען עס איז געקומען צום באַצאָלן, האָט זיך אויסגעלאָזט: די עטלעכע טאָלער, וואָס די מלכה קפריסין האָט מיטגעגעבן עוגן, כדי צו באַצאָלן ר׳ געצלען פאַר דער קאַפּאָטע — האָט דער קעניגלעכער ארחי־פרחי פאַר־לוירן אויפן וועג, מחמת די קעשענעס אין די אלטע צעריסענע תחתונים האָבן געהאַט לעכער.

עוג מלך הבשן איז געבליבן שטיין געפּלעפט. ער האָט זיך, נעבעך, מיט ביידע הענט געקראַצט אונטער דעם צעבראָכענעם כּתר־מלכות און האָט מורא געהאַט, אַז כעלם וועט אים אַריינזעצן אין תפיסה ווי אַן אַנזעצער.

ר׳ געצל האָט אָבער אויף דעם אויך געפונען אַן עצה, און ער האָט געזאָגט:

— ווייסט איר וואָס, מלך לעבן? — אין דער קאפּאָטע האָב איך אייך געמאַכט קעשענעס גרויס ווי הייזער, איך וועל מיך אָקאָרשט אַריינזעצן צו אייך אין אַ קעשענע און איר וועט מוחל זיין און מיט מיר אַ שפּרייז טון קיין בשן, דאָרט וועט איר מיר אויסצאָלן די פּאָר טאָלער.

וכך הוה.

## קאַפּיטל אַכט

ששון ושמחה אין לאַנד בשן.

עוג מלך הבשן האָט געגעבן דריי שפּרייז און ער איז שוין געווען אין בשן.

הגם ער האָט דאָרט געשריגן: אני שלמה, האָט מען תחילת גאָר נישט דערקענט, אַז דאָס איז דער אייגענער עוג. בשן איז געוווינט געווען צו אַ מלך אַ שלעפּער. עוג מלך הבשן האָט אָבער געהייסן זאָגן דער מלכה קפּריסין סמנים פון דברים שבינו לבינה, און מען האָט אים צום סוף דערקענט.

אין לאַנד האָט מען געמאַכט אילומינאַציעס, אַרויסגעהאָנגען פענער, געשאָנקען שטייערן און אַרויסגעלאָזט גנבים פון תפיסה — און אַלץ צוליב דער קאַפּאָטע, וואָס דער כעלעמער שניידער האָט געמאַכט פאַר עוג מלך הבשן.

אין קעניגלעכן שלאָס האָט מען געמאַכט אַ גרויסן באַל. כטוב לב המלך ביין, האָט עוג מלך הבשן אַרויסגענומען פון דער קעשענע ר׳ געצלען, דעם כעלעמער שניידער, און אים אַרויפגעשטעלט אויפן גאָלדענעם טיש.

ר׳ געצל האָט נישט געוואָלט טועם זיין, נאָר אויסגעשטרעקט די האַנט און געהייסן זיך באַצאָלן די פאָר גילדן.

מען האָט אים אויסגעצאָלט פון אוצר־המלוכה דריי גאָלדענע רענדלעך במזומן.

מען האָט געהייסן איינשפּאַנען אַ גרויסע בריטשקע און ר׳ געצלען צוריקגעשיקט קיין כעלם בכבוד גדול.

דער מרחק פון בשן קיין כעלם, וואָס עוג מלך הבשן האָט געמאַכט אין דריי שפּרייז, האָט ביי ר׳ געצלען אויף דער בריטשקע געדויערט קנאַפּע פינף חדשים.

# קאַפּיטל איינס

דער העכסטער שטאַפּל פון דער לייטער.

ביז איצט האָבן מיר אַ סך דערציילט פון כעלעמער חכמה און פון כעלע־מער זיקנה. די דאָזיקע צוויי גרויסע מעלות פון אַזאַ באַרימטער שטאָט וואָלטן אָבער נישט געווען געהאַט קיין ווערדע ווען זיי זאָלן זיך נישט פּאָרען מיט צדקות. ביי אַלע זייערע חשיבותן זענען חכמה און זיקנה פאָרט נישט מער ווי טרעפּלעך פון אַ לייטער וואָס פירט צו צדקות. אויב מען דערגייט נישט צו צדקות — זענען אומזיסט אַלע וועגן. ווען אַ בשר־ודם דערגרייכט צו צדקות — דעמאָלט קאָנען מיר ערשט זאָגן בפה מלא: די קלוגשאַפט און די עלטער האָבן אים צוגעפירט צום תוך. וואָס זענען עלטער און קלוגשאַפט, ווען אין זיי איז נישטאָ דער קערן פון צדקות, — און צו וואָס זענען זיי גע־גליכן? נייערט צו די שיינע שאָלעכצן פון אַ פּוסטער נוס.

בכן מוזן מיר אייך דערציילן פון כעלעמער צדקות, כדי איר זאָלט קאָ־נען משיג זיין מיט וואָס כעלם האָט זיך טאַקע פאַרדינט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זי נעמען פאַר אַ משל.

## קאַפּיטל צוויי

ר׳ אליקום צדוק און די ל״ו

דאָר אין עק פון כעלם אין אַ מפולת פון אַ הייזקעלע האָט געוווינט אַ ייד מיטן נאָמען ר׳ אליקום צדוק. ער האָט דאָרט געוווינט צוזאַמען עם זוגתו מרת ברכה פראַדל. וויפל כעלם זאָל נישט זיין קלוג, האָט מען פאָרט נישט געקאָנט וויסן מיט וואָס דער ייד איז זיך מפרנס. מען האָט געוווּסט, אַז ער לעבט נעבעך אין גרויס דחקות און איז אַ בדוכא ביסורים. דער ייד אַליין האָט געשוויגן ווי די וואַנט. אויך מרת ברכה פראַדל האָט געשוויגן. שכנים האָבן געשמועסט, אַז עס פעלט דאָרט אַ שטיקל ברויט און ר׳ אליקום צדוק עם זוגתו ברכה פראַדל לייגן זיך אַ סך מאָל אָן וועטשערע.

מען האָט געוווּסט, אַז ר׳ אליקום צדוק גייט אַרום גאַנצע טעג אַ הונגע־ריקער. מען האָט אָבער פון דעם ייד נישט געהערט דעם מינדסטן זיפץ, צי חלילה די מינדסטע טענה צום האַר פון די וועלטן. ער האָט אַלצדינג אויף זיך גענומען ווי אַ מתנה פון אויבערשטן און איז יומם ולילה געזעסן ביים פּיעקעליק און עוסק געווען בתורה ובעבודה.

מרת ברכה פראַדל, הגם נישט מער ווי אַ יידענע, האָט זיך אויך אָנ־גענומען מיט דעם שווייגעניש פון איר מאַן ר׳ אליקום צדוק און האָט אויך אַלצדינג מקבל געווען באהבה.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אין כעלם האָט מען אָנגעהויבן צו שמועסן, אַז ר׳ אליקום צדוק באַלאַנגט צו די ל״ו און די וועלט שטייט אין זכות פון אים און אַנדערע פינף און דרייסיק אָרעמע אומבאַקאַנטע יידן, וואָס זיצן באַהאַלטן אין די פינצטערע וועלדער איבערן גאנצן כדור הארץ.

## קאַפּיטל דריי

אליהו הנביא שענקט ר׳ אליקום צדוקן אַ פּאָר תפילין

אַבער אין דער גרעסטער אָרעמקייט איז פאַראַן אַן עשירות, וואָס וועגט מער ווי אַלע טראַטוועס פון ר׳ גאָדל כעלעמער, אַן עשירות, וואָס מען קאָן נישט אָפּקויפן פאַר כל הון דעלמא.

אויך אין דער מפולת ביי ר׳ אליקום צדוקן איז געלעגן אזא טייער עשירות און דאָס זענען געווען אַ פּאָר תפילין.

פונוואַנען ר׳ אליקום צדוק האָט געהאט אַזאַ פּאָר תפילין און ווו ער האָט גענומען געלט זיי צו קויפן — דאָס האָט קיינער נישט געוווסט. עס זענען געווען אַ פּאָר אַלטע תפילין. מען האָט געשמועסט: ערגעץ אין א מערה פון אַ וויטן וואַלד האָט זיי געשריבן דער עלטסטער פון די ל״ו. מגיה געווען די תפילין האָט נישט קיין קלענערער ווי אליהו הנביא. ער, זכותו יגן עלינו, אליהו הנביא אַליין, האָט באַוווּנדערט דאָס שיינע כתב פון דעם ראש פון די ל״ו און געזאָגט אויף די תפילין: כשר. מער באַדאַרף מען נישט.

ווי מען גלייבט, האָט אליהו הנביא אָט די תפילין אָפּגעקויפט ביים למד־ו״ניק, וואָס האָט אליהו הנביא געקאָנט באַצאָלן דעם למד־ו״ניק? מן־הסתם מיט עטלעכע סודות־התורה.

אליהו הנביא האָט גענומען די תפילין און זיי געבערענגט במתנה ר׳ אליקום צדוקן קיין כעלם.

# קאַפּיטל פיר

סטייטש, ר׳ גאָדל? — טענהט דער יצר־הרע.

האָט דאָך אָבער דער יצר־הרע אַ טבע צו פאָרקען די גבירים — האָט דאָס ר׳ גאָדל כּעלעמער נישט געקאָנט פאַרטראָגן. — סטייטש? — האָט מיט אים איינגעטענהט דער יצר־הרע — וואָסער גביר איז מישטיינס געזאָגט ר׳ גאָדל און וואָסער אָרעמאַן איז מישטיינס געזאָגט ר׳ אליקום צדוק? — פּע! עס איז דאָך דער אמתער עולם הפוך, ווען אַזעלכע תּפילין האָט דווקא דער גרעסטער אָרעמאַן אין כּעלם און נישט דער גרעסטער גביר!

— שווייג נישט, גאָדל! — איז דער יצר־הרע צו אים צוגעשטאַנען און טאַקע מיטן הארבן פּסוק — אויב דו וועסט דיר נישט פאַרשאַפן ר׳ אליקום צדוקס תּפילין, ביסטו ביי מיר ווערט אַזוי גרויס ווי א שמעק טאַבאַק, און איך וויל מיט דיר מער נישט האָבן קיין מחזקות.

דער יצר־הרע האָט זיך כּלומרשט געמאַכט אַ קוש טון די מזוזה, ס׳הייסט: ער וויל אַרויסגיין פון ר׳ גאָדלס סאַליעס.

אַ גביר, וואָס האָט נישט קיין מחזקות מיטן יצר־הרע האָט, ווי מיר ווייסן, דאָס פּנים פון חוזקן, דעם שטאָט־נאַר.



„סטייטש, וואָסער גביר איז מישטיינס געזאָגט ר׳ גאָדל“?

## קאַפּיטל פינף

ר׳ אליקום צדוק זאָגט לאָ!

ר׳ גאָדלען איז עס ממש געגאַנגען בנפשו. ער האָט געשיקט שליחים אויף שליחים צו ר׳ אליקום צדוקן און אים פאָרגעשלאָגן צו פאַרקויפן די תפילין. ווי אַ פּיפּיקער סוחר האָט ר׳ גאָדל תחילת אָנגעבאָטן דריי גילדן. ער האָט אויסגערעכנט, אז אזא מדוכא ווי ר׳ אליקום צדוק וועט נישט ביי־שטיין דעם יצר־הרע פון דריי גילדן. אויסגעלאָזט האָט ר׳ גאָדל ביי דריי הונדערט.

ווען די שווייגנדיקע מרת ברכה פראַדל האָט געהערט דריי הונדערט גילדן, איז זי שיעור נישט געפאַלן אין חלשות. צוזאמען מיט איר ביטער האַרץ האָבן זיך איר געעפנט די לעפצן, און זי האָט ערשט אָנגעהויבן צו דערציילן אין וואָסער נויט און דחקות זי לעבט מיט ר׳ אליקום צדוקן. עס זענען געווען צייטן — האָט זי געזאָגט — ווען מען האָט געמיינט, אז עס האַלט שוין, רחמנא ליצלן, ביי כלו כל הקצין. זי האָט אָנגעהויבן צו וויי־נען פאַר ר׳ אליקום צדוקן, אַז ער זאָל געדענקען אין גאָט און נעמען די דריי הונדערט גילדן און אַוועקגעבן ר׳ גאָדלען די תפילין. מרת ברכה פראַדל איז געווען אַ ווילגעלערנטע און זי האָט זיך גענומען צו הילף אלערליי ספרי־מוסר ווי אויך מאמרי־חז״ל, אַז רחמנות אויף אַ הונגעריקער יידענע איז מער ווי אפילו תפילין, וועלכע עס האָט געשריבן דער עלטסטער פון די למד־ו״ו צדיקים.

ר׳ אליקום צדוק געהאַלטן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט נעבעך געזיפצט און געזאָגט לאָ. פאר כל הון דעלמא גיט ער נישט אוועק די תפילין.

## קאַפּיטל זעקס

אן אתרוג־סוחר קומט פון די מרחקים.

מאַכט זיך אַ מעשה: צווישן כסא לעשור איז געקומען צו פאָרן קיין כעלם אַ ייד פון מרחקים. אַ ייד מיט א הדרת־פּנים, מיט אַ שיין בייכל און מיט לאַנגע טונקעלע ברעמען איבער די אויגן. הענט האָט ער געהאט איידעלע און בלייכע ווי פּאַרמעט, און פינגער לאַנגע און דינע. דער ייד האָט גערעדט האלב קירהש לשון און האלב לשון־קודש. ער האָט געברענגט צוויי גרויסע טלומעקעס אָנגעפּאַקט מיט אתרוגים, און איז געקומען פון די ווייטע מדינות, ווו עס וואַקסן די דאָזיקע הייליקע פּירות.

ווען ער האָט אין כעלעמער בית־המדרש געטון אַן עפן די טלומעקעס, האָט פון דאָרט געטון אַ וויי־אַרויס מיט אתרוג־ריח. מען האָט געמיינט, אַז דער ייד פירט אַרום אין די טלומעקעס דעם גן־עדן־התחתון, אָדער ארץ־ישראל צוזאמען מיט ירושלים.

יידן זענען געשטאַנען פון דערווייטנס און זיך מחיה געווען מיט די טייערע אתרוג־ריחות. פּאַמעלעכל האָט דער ייד אַרויסגענומען די אתרוגים גופא. מיט זיינע לאַנגע ווייסע פינגער האָט ער זיי אַרויסגענומען איינציקווייז. איטלעכער אתרוג איז געווען איינגעוויקלט אין פּאַקעלעס. דער ייד האָט איטלעכן אתרוג באזונדער אַרויסגענומען פון פּאַקעלעס — און עס האָבן זיך אַנטפּלעקט מיט זייער גאנצער גבירישער האָפערדיקייט די אתרוגים, וואָס דער ייד האָט געברענגט פון די מרחקים.

אַיעדער אתרוג באזונדער האָט געהאַט אַן אַנדערן גידול און אַן אנדערע מראה. טייל זענען געווען דיקלעכע, פעטלעכע און געלע, ווי נגידישע באַבייכלטע יידן. טייל זענען געווען לענגלעכע און גרינע ווי יידן לומדים. טייל האָבן געהאַט לאַנגע קיילעכדיקע בליטות, וואָס האָבן ממש געשטאָכן די אויגן און געשריגן: תרבות! טייל זענען נעבעך געווען גאָר דאַרע, ווי זיי וואָלטן

געווען געפּאַסט משבת לשבת. יעדער אתרוג באַזונדער האָט געהאַט אַן אַנדערן שטייגער ווי אַזוי אויף זיך צו טראָגן דעם פּיטום. טייל האָבן געטראָגן דעם פּיטום ווי אַ כּתר־תּורה, טייל — ווי אַ קאַשקעטל, און טייל — ווי אַ קירה שטריימל. איין אתרוג איז נישט געווען גלייך צום אַנדערן.

דער ייד האָט זיי אויסגעלייגט אויפן טיש צווישן די ספרים. די אתרוגים זענען געלעגן אין זייערע פּאַקעלעס מיט גרויס ברייטקייט און חשיבות. זיי האָבן געשמעקט איינער צום אַנדערן, ווי דאָס וואָלט געווען דאָס לשון־קודש פון די אתרוגים. עס האָט אויסגעקוקט גלייך ווי די הייליקע פּירות האָבן זיך גאָר איצט מיישב געווען און שמועסן צווישן זיך אויף ריח־לשון פּלפּול אין דברי־תּורה.

יידן זענען געשטאַנען אַרום דעם טיש און געקוקט. דער פרעמדער אתרוג־סוחר האָט געשוויגן און ווייטער אַרויסגענומען פון טלומעק אתרוג נאָך אתרוג און זיי אוועקגעלייגט אויפן טיש.

צום סוף האָט מען געזען ווי דער ייד ווערט אַליין בלאַס פון ערפורכט־טיקייט. זיינע לאַנגע ווייסע פינגער ציטערן אים בשעת ער שטעקט זיי אַריין אין טלומעק. מיט גרויס ציטערניש האָט ער אַרויסגענומען דעם לעצטן אתרוג.

שוין ווי אַזוי דער אתרוג איז געווען געוויקלט אין די פּאַקעלעס האָט מען געזען, אַז דאָס איז אַזוינס און אַזעלכעס פון אַן אַנטיק און אַ הדר. דער ייד האָט פּאַמעלעך, פּאַמעלעך פונאַנדערגענומען די פּאַקעלעס. עס איז אַרויס־געקומען אויף דער טאָג־שיין אַן אתרוג, וואָס עין לא ראתה, וואָס קיין יידיש אויג האָט נאָך נישט געהאַט געזען. אַן אתרוג אַ הויכער, אַ דיקער און אַ געלער. ער האָט עפּעס ווי פון זיך אַליין געלויכטן. אַ וווקס האָט ער געהאַט ווי דער מלך מלכי המלכים פון די אתרוגים. די בליטות זענען געווען ווי אָפּגעציילט און אָפּגעמאָסטן. דער פּיטום, וואָס איז אויף אים געזעסן, איז געווען אַ געקיכלטער און אַן אָנגעבלאָזענער ווי אַ טייער, טונקל רביש שטריימל. מיט זיינע ריהות האָט דער אתרוג איבערגעשטיגן אַלע אתרוגים אויפן טיש. זיי האָבן אָנגעהויבן קעגן אים אויסצוקוקן ווי אָפּגעקומענע נשרפים. דער סוחר האָט דעם אתרוג אַוועקגעלייגט גאָר באַזונדער. עס האָט באַשיימפּערלעך אויסגעזען, אַז דעם הדר שטייט נישט אָן צו ליגן צוזאַמען מיט פּראָסטע עמך־אתרוגים.

דער ייד האָט זיך אָפּגעווישט דעם שטערן מיט אַ גרויסער און געלער פּאַטשיילע, גלייך ווי מיטן אַרויסנעמען דעם אתרוג פון טלומעק וואָלט ער אָפּגעטון זייער אַ שווערע עבודה. ער האָט זיך אויסגעהוסט און אַ זאָג געטון צו די יידן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום דעם טיש:

— דאָס איז אַ הדר פון ארץ־ישראל. ווי עך בין אַ ייד, וועל עך נישט נעמען פאַר אים אַ פּרוטה ווייניקער ווי דריי הונדערט גילדן.

דערהערט דריי הונדערט גילדן האָבן יידן געשאָקלט מיט די קעפּ און נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויערן. זינט כעלם איז כעלם האָט מען נאָך נישט געזען פאַר די אויגן אַן אתרוג, וואָס זאָל האָבן די העזה צו פאַרלאַנגען פאַר זיך אַזאַ מטמון מיט גאָלד. דער ארץ־ישראל־הדר אויפן טיש האָט וואָס אמאָל פאַרריסענער געשמעקט ווי ער אַליין וואָלט געוועז געשריגן: עך נעם נישט פאַר מיר קיין פּרוטה ווייניקער ווי דריי הונדערט גילדן.

## קאַפּיטל זיבן

ר׳ אליקום צדוק נעמט דריי הונדערט גילדן.

ביי ר׳ גאָדל כעלעמערס טיר האָט עניוותדיק אָנגעקלאַפּט ר׳ אליקום צדוק. ער איז געשטאַנען און געוואַרט כעני בפּתח און געהאַלטן אין דער האַנט דאָס זעקל מיט די טייערע תפילין.

— ברוך הבא ר׳ אליקום צדוק — האָט ר׳ גאָדל געזאָגט נאָך ביי דער טיר. — ער האָט תחילת נישט געוווּסט, וואָס ר׳ אליקום צדוק וויל פון אים.

ר׳ אליקום צדוק האָט נישט לאַנג געוואַרט און טאַקע ביי דער טיר דערלאַנגט ר׳ גאָדלען די תפילין און געזאָגט:

— גיט מיר דריי הונדערט גילדן און נאט אייך די תפילין.

— ר׳ גאָדלען האָט אויסגעפּעלט אָטעם. די הענט האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן. ער האָט ממש געשפּירט ווי דער יצר־הרע גיט אים אַ קניפּ אין בעקל. ער איז צוגעלאָפן צו דער אייזערנער שאַפע, אַרויסגענומען דריי הונדערט גילדן במזומן, זיי אויסגעציילט ר׳ אליקום צדוקן אין דער האנט אַריין, און צוגעכאַפּט ביי אים די תפילין מיט אַזאַ גלוסטיקייט, וואָס לאָזט זיך פּשוט נישט באַשרייבן.

## קאַפּיטל אַכט

מרת ברכה פראַדל בייסט אָפּ דעם פּיטום און אליהו הנביא טראָגט
דעם אתרוג אין גן־עדן אַריין.

ווען ר׳ אליקום צדוק האָט אויסגעצאָלט דעם פרעמדן סוחר די דריי הונדערט גילדן און צוגענומען ביי אים דעם טייערן און זעלטענעם הדר פון ארץ־ישראל, האָט דאָס פּנים אים געלויכטן מיט אזא שמחה, גלייך ווי ער וואָלט געווען געוווּנען אויף אַלע לאָטעריעס פון דער וועלט.

ר׳ אליקום צדוק האָט מורא געהאַט, אַז מחמת דער גרויסער פרייד קאָן ער חס ושלום פאַלן אויפן וועג און דעם טייערן הדר קאָן חלילה עפּעס געשען. האָט ער מיט גרויס עניוות און רחמים געבעטן זיין שכן, אויך אַ ייד אַן אָרעמאַן, אז אויב יענער האָט צייט און ס׳איז פאַר אים נישט קיין טירחה, זאָל ער מיט אים, ר׳ אליקום צדוקן, מיטגיין אַהיים. ער וועט עס באַטראַכטן פאַר אַ חסד של אמת און וועט עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ר׳ אליקום צדוק איז אהיימגעקומען צוזאמען מיט דעם אָרעמען שכן. מרת ברכה פראדל האָט דעם מאַן אירן נישט דערקענט. דאָס פּנים האָט אים געלויכטן און ער האָט געהאלטן עפּעס אין דער האַנט, ווי א געפונענעם טייערן אוצר.

— ברכה פראַדל! — האָט ר׳ אליקום צדוק געזאָגט מיט גרויס שמחה — דער אויבערשטער האָט מיך מזכה געווען צו בענטשן סוכות אתרוג מיט אַ הדר שבהדר. — מיט ציטערדיקע הענט האָט ער אַרויסגענומען פונעם פאַ־קעלעס דעם ארץ־ישראל־הדר און אים געוויזן ברכה־פראדלען.

מרת ברכה פראדל האָט טאקע זינט איר לעבן נאָך נישט געהאט גע־האַט געזען אַזאַ יופי פון אַן אתרוג, און געפרעגט ר׳ אליקום צדוקן:

— פון וואַנען האָסטו גענומען אַזאַ שיינעם אתרוג?

— כ׳האָב אים געקויפט — האָט ר׳ אליקום צדוק געענטפערט מיט גרויס שמחה.

— געקויפט? — און וויפל האָסטו פאַר אים באצאָלט? — האָט מרת ברכה פראדל געפרעגט.

— דריי הונדערט גילדן — האָט ר׳ אליקום צדוק געענטפערט בתמימות.

— ברכה פראַדל איז בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט. זינט זי איז מיט אים געשטאַנען אונטער דער חופה האָט זי איצט דאָס ערשטע מאָל העכער אויפ־געהויבן צו אים איר קול:

— פון וואַנען, קבצן איינער, האָסטו פלוצים גענומען דריי הונדערט גילדן?

— כ׳האָב ר׳ גאָדלען פאַרקויפט די תפילין פאַר דריי הונדערט גילדן און פאַר דעם פדיון האָב איך געקויפט דעם אתרוג צו בענטשן אויף אים אם ירצה השם סוכות — האָט ר׳ אליקום צדוק געענטפערט — ווי ער וואָלט געוועזן געטון די גלייכסטע זאך אויף דער וועלט.

אַלע ביטערנישן, וואָס האָבן זיך אין איר אָנגעזאמלט אין די פיל יאָרן פון שווייגעניש, זינט זי איז ר׳ אליקום צדוקס ווייב, זענען ברכה פראדלען אַרויפגעקומען אויפן האַרץ. זי האָט געשפּירט ווי איר האַרץ ווערט צוגע־דריקט פון צער און ווייטיק. זי האָט זיך הויך פונאַנדערגעוויינט און גע־נומען שרייען ווי נישט מיט איר קול:

— גזלן! — האָט זי געשריגן צו ר׳ אליקום צדוקן — ווען מיר האָבן נישט געהאט קיין לעפל ווארעם וואַסער אין שטוב און מיר זענען געפרוירן געוואָרן פון קעלט, האָב איך פאַר דיר געוויינט צו פאַרקויפן די תפילין ר׳ גאָדלען. דו ביסט געוועזן טויב גלייך דער שטיין. איצטער שטייט דיר נישט אַנדערש אָן, סיידן צו האָבן דעם שענסטן אתרוג אין שטעטל?

און זי האָט אַרויסגעריסן דעם ארץ־ישראל־הדר פון ר׳ אליקום צדוקס האַנט און אין גרויס כעס אויפאינדערגעשווינד אָפּגעביסן דעם פּיטום.

ר׳ אליקום צדוק איז געשטאַנען שטיל, מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— נעבעך אַזאַ שאָדן — האָט געזיפצט דער אָרעמאַן, ר׳ אליקום צדוקס שכן — פארוואָס פאַרשווייגט איר ברכה פראדלען, ר׳ אליקום צדוק?

— ר׳ אליקום צדוק האָט זיך שטיל אויסגעשמייכלט.

— קיין תפילין האָב איך שוין נישט — האָט ער רואיק געזאָגט — קיין אתרוג האָב איך שוין נישט — זאָל איך נאָך זינדיקן מיט כעס אויך?

מילא, ברכה פראַדל — האָט ער זיך געווענדעט צו דער אשה, וואָס איז איצט אויך געשטאַנען אַ צעמישטע — מאך וועטשערע, אויב דו האָסט.

---

די זעלביקע נאַכט האָט אליהו הנביא, זכותו יגן עלינו, גענומען דעם ארץ־ישראל־הדר מיטן אָפּגעביסענעם פּיטום און אים אַוועקגעטראָגן צו די צדיקים אין גן־עדן. דער גן־עדן האָט פאַרשמעקט פון די ריחות, וואָס דער אתרוג האָט געשלאָגן פון זיך.

די צדיקים אין גן־עדן זענען געווען טשעקאווע צו וויסן, וואָס אליהו הנביא טראָגט דאָס איינגעוויקלט אין פּאַקעלעס, און פון וואַנען עס שלאָגט אַזאַ טייערער מחיהדיקער ריח.

אליהו הנביא האָט עס קיינעם נישט געוואָלט ווייזן. ער האָט דעם אתרוג צוגעטראָגן צו אברהם, יצחק און יעקב — די דריי אבות פון פאָלק ישראל.

אַיעדער פון די דריי אבות האָט דעם אתרוג אָן פּיטום גענומען אין דער האַנט אריין, אים באַטראַכט און זיך נישט געקאָנט אויסוואונדערן פון זיין יופי. איעדער איינער פון די אבות האָט געזאָגט, אַז זינט זיי האָבן געלעבט, סיי אויפן עולם התחתון און סיי אין גן־עדן און אין די עולמות העליונים, האָבן זיי נאָך אַזאַ שיינעם אתרוג נישט געזען.

די דריי אבות פון פאָלק ישראל האָבן געהייסן אליהו הנביאן באַהאַלטן ר׳ אליקום צדוקס אתרוג, כדי משיח זאָל אויף אים בענטשן.

## קאַפּיטל איינס

יידן פון דער בסתר המדרגה

דורך די ביז איצטיקע כעלעמער מעשיות וואָלט מען לייכט געקאָנט קומען צום אויספיר: אחוץ לומדים, שיינע־יידן, נגידים און פרנסי־חודש זע־נען קיין אַנדערע יידן גאָרנישט געווען בנמצא אין דער קלוגער שטאָט. אפילו ר׳ געצל דער שניידער, וואָס האָט געמאכט אַ קאַפּאָטע פאַר עוג מלך הבשן, ער איז אויך געווען, באַשיימפּערלעך, אַ ייד, וואָס האָט געוווּסט וואָס רש״י מאַכט. ביי אַ פּראָסטן חי־וקים וואָלט דער מלך עוג — פון וועלכן עס דערציילן אזוי פיל די מדרשים — זיך נישט געלאָזט מאַכן קיין קאַפּאָטע. אַפילו חוזק דער שטאָט־נאַר, האָט געהאט מחזקות מיט ר׳ מנשה דעם בית־דין־שמש און מיט דעם פּרנס־חודש, ר׳ יוסף לאָקש. הכלל דער לייענער קאָן אוודאי מיינען, אז כעלם איז אַ שטאָט פון סאַמע שמן־זית.

דער לייענער האָט נישט געטראָפן. אמת, די וואָס זענען אין כעלם גע־שטאַנען אויף דעם אונטערשטן בסתר המדרגה, זיי האָבן זיך טאַקע נישט אַרויסגעזען. מען האָט זיי נישט געזען און נישט געהערט. מען האָט צומאָל נישט געוווּסט ווי זיי הייסן מיט זייער שם־הקודש. אַזעלכע אונטערשטע יידן האָבן קיינמאָל נישט באַקומען קיין „עליה״. טייל האָט מען אין כעלם געקאָנט רק לויט זייערע מיאוסע צונעמענישן. האָט מען אזא ייד געפרעגט ווי ער הייסט — האָט ער אַליין געזאָגט יאָקל פאַרך, צי משה טעצעלע, צי נאָך אַנדערע מיאוסע צונעמענישן, וואָס מיר ווילן גאָרנישט אַרויסברענ־גען בכתב.

איצט וועלן מיר אייך דערציילן אַ מעשה פון כעלעמער בסתר־המדרגה־יידן. יידן, וואָס קיינעם איז נישט אָנגעשטאַנען מיט זיי צו רעדן. די מעשה וועט אַליין פאר זיך זיין א מוסר־השכל. מחמת דער לייענער וועט זען, אז בני אברהם, יצחק ויעקב בלייבן אומעטום די אייגענע זרע־קודש, מעגן זיי

האָבן מיאוסע צונעמענישן. מעגן זיי אומעטום שטיין ביי דער טיר. מעגן זיי אפילו וווינען אין כעלם הינטער דער מיקווה און הינטער די שטאָטישע בית־הכסאס. יידן זענען יידן אפילו אין די מפולתן מיט צעפוילטע שינדל־דעכלעך, וווּ קיין שיינער ייד שטעלט נישט אריין קיין פוס. דער איינציקער פון דעם כעלעמער כלי־קודש, וואָס שעמט זיך נישט מיט יענע יידן, איז דער קהלישער באָק. ער האָט ליב צו שטשיפּן דאָרט גראָז און זיך צו וואַרע־מען אויף דער זון דווקא צווישן מפולתן, ווו עס וווינען די יידן פון גאָר־גאָר אונטן אין כעלם.

---

## קאַפּיטל צוויי

בערקע קאַטאַריניאַזש און דער אַלטער פּאַפּוגיי.

אין איינעם פון די צעפאלענע הייזלעך הינטער דער כעלעמער מיקווה, האָט געוווינט אַ ייד, אַ קאטאריניאזש, ד״ה אַ ייד, וואָס איז זיך מפרנס פון דעם, וואָס ער שפּילט אויף אַ קאַטאַרינקע און פון די שאר־ירקות, וואָס געהערן צו אַ קאטארינקע, היינו: אויף דער קאַטאַרינקע איז תמיד געזעסן א גרויסער גרינער פּאָפּוגיי, וואָס איז שוין אַלט געווען אַ מטמון מיט יאָרן און איז געווען צוגעבונדן צו דער קאטארינקע מיט אַ לאַנג מעשן קייטעלע. ד׳ער פויגל איז געווען א געוואלדיקער שתקן. מען האָט קיינמאָל נישט גע־הערט פון אים קיין פּיפּס. ער איז געזעסן אויף דער קאטארינקע מיט צו־געמאַכטע אויגן און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קרומען שנאָבל. צי ער איז געשלאָפן מהמת זיקנה, צי איז אים סתם נמאס געוואָרן אזוי פיל יאָרן צו קוקן אויף דער וועלט? ווער קאָן וויסן די מחשבות פון אַ פויגל?

דער פויגל האָט געעפנט די אויגן נייערט ווען דער ייד — ער האָט געהייסן בערקע פּאַרך — האָט צו אים גערעדט און אים געהייסן ציען גורל־קוויטלעך. מיט אַ פּאָר גרינע אלטע אויגן האָט ער אַ קוק געטון אויף דעם בעל־הקאטארינקע, אַריינגעשטעקט זיין קרומען שנאָבל אין א קעסטעלע מיט קוויטלעך, ארויסגעצויגן אַ קוויטל און עס אַריינגעלייגט אין דעם יידנס האַנט, און צוריק אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ צווישן זיינע אייגענע פעדערן און ווייטער געשלאָפן.

באַלד נאָך פּסח האָט בערקע פּאַרך, צי בערקע קאַטאַריניאזש, גענומען די קאַטאַרינקע מיט דעם אַלטן פּאָפּוגיי און אַוועק איבער פּוילן. אין אַלע דערפער האָט מען אים געקאָנט. האָט מען פון דערוווייטנס געהערט דאָס שפּילן פון אַ קאַטאַרינקע, האָט מען געוווסט, אַז עס קומט בערקע פון כעלם. פּויערים און פּויערטעס האָבן זיך געזאַמלט ארום דער קאַטאַרינקע, געהערט

שפּילן און געוואָלט וויסן, וואָס עס איז זיי באַשערט. מען האָט דעם ייד געגעבן אַ גראָשן און ער האָט געוועקט דעם פויגל פון זיין שלאָף. דער פויגל האָט אַ קוק געטון אויפן ייד, אַריינגעשטעקט זיין קרומען שנאָבל אין דעם קעסטעלע מיט קוויטלעך, און אַריינגעלייגט אין דעם יידנס האַנט דעם גורל פון אַ מענטשן.

אַהיימגעקומען איז בערל קאַטאַרינאַזש ערשט אויף פּסח. אַ גאַנץ יאָר האָט מען נישט געוווּסט, ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען. זיין ווייב, דבורה מרים, אַ הויכע יידענע אַן עקרה, איז געזעסן ביים פענצטער. דאָס פענצטער האָט געהאַט בלומענטעפּ ווי די פענצטער ביי גויים. סיי זומער סיי ווינטער איז די עקרה דבורה מרים דאָרט געזעסן און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. זי האָט געקוקט און געשוויגן.

עטלעכע טעג פאַר פּסח האָט מען געהערט פון דערווייטנס שפּילן א קאַטאַרינקע.

דעמאָלט האָט דבורה מרים זיך אויפגעשטעלט פון פענצטער און זיך גענומען וואשן די דילן לכבוד פּסח.

בערקע פאַרך איז אַהיימגעקומען נאָך אַ יאָר נע־ונד זיין איבער פּוילן.

דער גרינער אַלטער פּאָפּוגיי איז געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן אויף דער קאַטאַרינקע און געשלאָפן.

אַזוי זענען פאַרגאַנגען יאָרן.

## קאַפּיטל דריי

מען הערט נישט שפּילן

מאַכט זיך אַ מעשה — ס׳איז שוין עטלעכע טעג פאַר פּסח. דבורה מרים זיצט צווישן די בלומענטעפּ ביים פענצטער און קוקט ארויס. מען הערט נישט פון דער ווייטנס שפּילן.

זי איז געזעסן ביים פענצטער איבער פּסח. מען הערט נישט שפּילן.

ס׳קומט ל״ג בעומר און שבועות. דבורה מרים זיצט כסדר ביים פענצטער און קוקט אַרויס — מען הערט נישט שפּילן.

## קאַפּיטל פיר

אַן ארחי־פּרחי זאָגט עדות.

צווישן תשעה־באב און ראש חודש אלול זענען אָנגעקומען קיין כעלם פרעמדע מדינה־גייער. אָפּגעבּרענטע פארשטויבטע יידן. אָרעמע לייט און אָרעמע ווייבער. די ווייבער זענען געגאנגען מיט צעריסענע טיכער אויף די קעפּ. די מאנסבילן — אָפּגעריסענע, באָרוועסע און מיט גראָבּע וואַלד־שטעקנס אין די הענט. זיי האָבּן זיך באַלד פאַרקירעוועט צום קלויז־מער הקדש.

נאָך עטלעכע טעג, איז איינער אַ געקומענער ארחי־פּרחי, אַ הויכער בלאָסער אָרעמאַן מיט שיקלדיקע אויגן און מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד, אַריינגעקומען אין דער כעלעמער בית־דין־שטוב צום רב, ער האָט געהאַלטן דעם אָרעמאַנסקן וואַלד־שטעקן אין דער האַנט און דערציילט כהאי לישנא:

בערקע פּאַרך מיט דער קאַטאַרינקע און מיט דעם פויגל איז געווען באַקאַנט אין אַלע הקדשים אין פּוילן און צווישן אַלע אָרעמעלייט און מדינה־גייער. אַ קאַטאַריניאַזש און אַ מדינה־גייער איז כמעט איינס און דאָס זעלבּע. ערגעץ אין אַ הקדש — דערציילט ווייטער דער ייד — אין אַ העק אַ שטעטל גאָר, גאָר ווייט אין פּוילן, דאָרט ווו יידן הויבּן שוין אָן צו רעדן ליטוויש, איז ער בערקע פּאַרך, געשטאָרבּן. אַלע האָבּן אים געקאָנט, מחמת צווישן די גויים אויף די דערפער און צווישן די ארחי־פּרחי איז ער געווען אַ שם־דבר.

דער רב און דער דיין ר׳ שעפּסעלע האָבּן דעם פרעמדן אָרעמאַן גע־נומען אויפן צימבל און אים אויסגעפרעגט פּרטים. דער ייד האָט זיך נישט געלאָזט כאַפּן אויף דער צונג און האָט דערציילט פּרטים, געבּרענגט ראיות און געוויזן קענטענישן, אַז אפילו אַ בלינדער וואָלט געווען געזען,

אַז דער ייד איז אַן אמתער עדות. עס איז קלאָר ווי דער טאָג: בערקע, פֿאַרך — ווי ער האָט געהייסן אויפֿן שם־הקודש האָט קיינער נישט גע־ ווּוסט — איז, פֿאַר קיין שום ייד געדאַכט, געשטאָרבן אין די מרחקים. מען מוז שיקן נאָך דער אלמנה דבורה מרים איר אָנזאָגן די בשורה, און איר מתיר זיין חתונה צו האָבן.

## קאַפּיטל פינף

דבורה מרים שווייגט

ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש איז געקומען אין די מפולתן פון די בסתר המדרגה־יידן און זיך געפרעגט אויף דבורה מרימען, דאָס ווייב פון דעם קאַטאַרינאַזש בערקע פּאַרך. פון אַלע מפולת־פענצטערלעך האָבן זיך אַרויסגעשטעקט קעפּ פון יידן און ווייבער וואָס האָבן רק צונעמעניש. מען האָט דעם שיינעם ייד מיטן שמשישן שטעקן געוויזן צו די פענצטער מיט די בלומען־טעפּ. ער האָט דאָרט אָנגעקלאַפּט, און מיטן גראָבן קול געהייסן דבורה מרימען קומען אין דער בית־דין־שטוב.

דבורה מרים האָט געשוויגן. זי האָט גענומען דאָס פויערישע טוך אויפן קאָפּ. דאָס רויטע פויערישע טוך, וואָס בערקע פּאַרך האָט איר אַמאָל מיטגעבערענגט פון די מרחקים. — זי איז נאָכגעגאַנגען ר׳ מנשהן אין דער בית־דין־שטוב אַריין וואָס האָט זיך געפונען בשכנות מיטן כעלעמער בית־המדרש.

דבורה מרים איז געבליבן שטיין ביי דער טיר פון בית־דין־שטוב. ס׳האָבן זי דאָרט געשראָקן די פולע שענק מיט ספרים און די ספּאָדיקעס פון כעלעמער רב און דעם מורה־הוראה ר׳ שעפּסעלע. דער רב האָט איר געזאָגט, אַז בעלה — איר מאַן — בערקע, איז, נישט פאַר קיין ייד געדאַכט, געשטאָרבן אין די מרחקים. דער עדות, דער ארחי־פרחי האָט נאָך אַמאָל איבערדערציילט דאָס געשעעניש מיט אַלע פּרטים און פּיטשעווקעס.

דבורה מרים האָט געקוקט מיט אָפענע אויגן אויף די פרעמדע יידן און אויף די ספרים־שענק. נאָך אַ קליינע ווייל האָט זי געעפנט די לעפצן און דעם פרעמדן אָרעמאַן געפרעגט אויף דעם פּאָפּוגיי.

דער פויגל איז געפגרט באַלד נאָכדעם ווי מען האָט נאָר קובר געווען דעם בר־מנן, האָט דער אָרעמאַן געזאָגט און געקוקט אויף דער יידענע,

די קאַטאַרינקע האָט חברה־קדישא פאַרקויפט כדי דער מת־טהור זאָל האָבן תכריכים.

דבורה מרים האָט נישט געוויינט. זי איז אַהיימגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט בײַם פענצטער, און דורך די צעבליטע בלומען־טעפּ אַרויס־געקוקט אין דרויסן.

---

## קאַפּיטל זעקס

וואָס די ערד פאַרדעקט פאַרגעסט זיך

אַלצדינג וואָס די ערד פאַרדעקט — פאַרגעסט זיך. בערקען דעם קאַטאַריניאַזש האָט כעלם באַלד פאַרגעסן. אויך זיינע שכנים אין די מפולתן הינטער דער מיקווה — די יידן און די ווייבער מיט די צונעמענישן, האָבן אים פאַרגעסן. אויב דאָס לעבן פון אַ שיינעם ייד איז געגליכן צו דעם שאָטן פון אַ פויגל וואָס פליט פאַרביי — וואָסער ווערדע האָט דאָס לעבן פון אַ קאַטאַריניאַזש? דאָס לעבן פון אַ ייד פון גאָר, גאָר אונטן? האָט אים אויך דבורה מרים פאַרגעסן? פרעג ביי די פייגל אויפן דאַך און ביי די קווייטן וואָס האָבן אָפּגעבליט אין אירע בלומען־טעפּ?

אין די מפולתן צווישן די פּראָסטע יידן האָט מען אָנגעהויבן צו באַ־מערקן אַז די אלמנה דבורה מרים איז גאָר נישט קיין מיאוסע יידענע. אין דעם שטומען בענקעניש נאָך דעם טויטן קאַטאַריניאַזש האָט זי עפּעס ווי אויפגעבליט אין אַ נייער יוגנט. צום ערשטן האָבן עס געזאָגט די ווײַ־בער. עס האָט דערגרייכט צו די אויערן פון די מאַנסבילן. מען האָט אָנ־געהויבן אַריינצוקוקן דורך די בלומען־טעפּ אינעם פענצטער פון איר דירה. דבורה מרים איז אַ פאַרשוין פון אַ יידענע, האָט נישט איין מאַנסביל גע־טראַכט, דערצו איז זי אַ גאָלדענע באַלעבאָסטע און קאָן אַרבעטן פאַר צען. ווער עס וועט נעמען די אלמנה פאַר אַ ווייב וועט האָבן געכאַפּט אַ טריפּהנע מציאה.

עס האָט זיך געמאַכט אַן אלמן, אַ שמאַטע־קלייבער. אַ ייד וואָס פאָרט אַרום מיט אַ פורל איבער די דערפער, קויפט ביי די פויערים שמאַטעס און גיט זיי דערפאַר אַלערליי שמאַכטעס. דער דאָזיקער ייד ווערט נישט פאַרפאַלן אויף גאַנצע יאָרן. אַזוי ווי בערל פאַרך — פרייטיק פאַר ליכט־

צינדן קומט ער אַ היים מיט אַ פול פורל שמאַטעס. פּרנסה האָט ער בריווח, נאָר ער האָט נישט וואָס עס זאָל אים זיין אַ באַלעבאָסטע.

ווייבער זענען געלאָפן אַהין און צוריק. דעם ייד איז דבורה מרים געפעלן געוואָרן. דבורה מרים האָט געשוויגן. לסוף איז זי באַשטאַנען חתונה צו האָבן מיטן שמאַטע־קלייבער.

עס איז דערגאַנגען אין דער בית־דין־שטוב צום רב, אַז די אלמנה פון בערקע פאַרך גייט חתונה האָבן. מהיכי תיתי, האָט דער רב געזאָגט צו ר׳ שעפּסעלע מורה־הוראה און צו ר׳ מנשהן דעם בית־דין־שמש, עס איז אַ מצווה חתונה צו מאַכן אַ וויסטע אלמנה.

מען האָט געמאַכט אַ חתונה. דער שמאַטע־קלייבער האָט געמאַכט אַזאַ סעודה אַז מען האָט לאַנג פון איר געשמועסט צווישן די יידן מיט די צונע־מענישן אין די מפּולתן הינטער דער כעלעמער מיקווה.

## קאַפּיטל זיבן

א בוים מיט שפּעטע זומער־עפּל

אז דער אויבערשטער הויבט אָן צו געבן מיטן פולן שעפל רינט עס טאַקע איבערן מויל. עס האָט זיך אויסגעלאָזט: נישט בלויז וואָס דבורה מרים איז קיין עין־הרע שענער געוואָרן ביים שמאַטע־קלייבער, נאָר דער שם, אַז זי איז אַן עקרה איז געווען אַן אומזיסטער. עס זעט זיך אויס, דער שלימזל איז גאָר געווען בערקע פאַרך דער קאַטאַריניאַזש. פון וואַנען האָט זי געזאָלט נעמען קינדער, ווען דער קאַטאַריניאַזש איז אַ קיילעכיק יאָר נישט געווען אין דער היים און האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער פּוילן מיט דער קאַטאַרינקע און מיט דעם פּאָפּוגײַ?

עס זענען נישט פאַרגאַנגען קיין פיר חדשים נאָך דער חתונה מיטן שמאַטע־קלייבער — אין די מפולתן האָבן ווייבער אָנגעהויבן צו שמועסן, אַז דבורה מרים איז פאַרגאַנגען אין טראָגן. צו די ניין חדשים האָט זי געמאַכט אַ ברית. נישט לאַנג נאָכן ברית איז זי ווידער פאַרגאַנגען אין טראָגן און פונדאָסניי געמאַכט אַ ברית. עס האָט אַזוי גענומען עטלעכע יאָר. דבורה מרים איז אַרומגעגאַנגען מיט קינדערלעך ביים פאַרטעך און מיט אַ זייגנדיקס ביי דער ברוסט. זי איז שענער געוואָרן פון טאָג צו טאָג און זי האָט געבליט אין איר רייפקייט ווי די ביימער מיט די שפּעטע זו־מער־עפּל.

דער שמאַטע־קלייבער איז געווען אויפן זיבעטן הימל. אַלע מאָל ווען ער איז אַהיימגעקומען אויף שבת האָט ער איר עפּעס מיטגעברענגט פון די דערפער — אַ ציצן־קליידל, אַ פּויעריש טיכל. פון פּעטע גענדז און הינער איז אָפּגעשמועסט.

ויהי היום — מאַכט זיך אַ מעשה.

# קאַפּיטל אַכט

עס שפּילט די קאַטאַרינקע

ויהי היום — מאַכט זיך אַ מעשה.

ס'איז געווען סאַמע נאָענט פאַר פּסח. דבורה מרים איז געווען פאַרטון צו מאַכן יום־טוב. אינדרויסן פאַרן פענצטער האָבן געטומלט אירע קינדער. גאָר אַ קליינס איז געלעגן אין דער וויג — פלוצלינג, מען הערט פון דערווייטנס שפּילן אַ קאַטאַרינקע.

דבורה מרים איז געוואָרן בלאַס ווי דער טויט. דאָס האַרץ האָט איר געטון אַ ריס. זי איז שיעור נישט אומגעפאַלן.

דאָס שפּילן פון דער קאַטאַרינקע האָט זיך דערנענטערט. דבורה מרימען איז דאָס קול פון דער קאַטאַרינקע געווען נאָענט און באַקאַנט ווי דאָס קול פון איר אייגענעם האַלדז.

אויפן כעלעמער מאַרק איז אַרויפגעקומען בערקע פאַרך מיט דער קאַטאַרינקע און מיט דעם אַלטן פּאָפּוגיי. סיי אויף אים, סיי אויפן פויגל האָבן די לאַנגע יאָרן נישט געמאַכט דעם מינדסטן שינוי. זיי האָבן אויסגעקוקט פונקט אויף דער האָר ווי דעמאָלט ווען זיי האָבן מיט יאָרן צוריק פאַרלאָזן כעלם.

בערקע איז געגאַנגען, געדרייט די קאַטאַרינקע און געשפּילט די אייגענע ניגונים וואָס אַמאָל. דער פויגל איז געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן אויף דער קאַטאַרינקע און געשלאָפן.

גלייך ווי עס וואָלט גאָר נישט געווען געשען איז בערקע פאַרך אַ שפּילנדיקער פאַמעלעך געגאַנגען צו די מפולתן הינטער דער מיקווה. ער איז געגאַנגען אַהיים אויף פּסח. ער האָט זיך אויף קיינעם נישט אומגעקוקט און צומאָל נישט געזען ווי אַלע פענצטער און טירן עפענען זיך אין שטעטל. מען קוקט אים נאָך, מען שאָקלט מיט די קעפּ און מען טייטלט אויף אים מיט די פינגער.

# קאַפּיטל ניין

## דאָס יאָר איז קײלעכיק

בערקע פאַרך האָט געשפּילט אויף דער קאַטאַרינקע און איז געגאַנגען אַהיים. דאָס איז תמיד זיין דרך מודיע צו זיין פונדערווייטנס דבורה מרימען, אַז דאָס יאָר איז קיילעכיק. דאָס יאָר האָט זיך איבערגעדרייט און ער קומט צו איר אַהיים פון די מרחקים. בערקע איז געגאַנגען טריט ביי טריט און געשפּילט.

אין די מפולתן הינטער דער מיקווה זענען אַלע פענצטער און טירן געווען אויפגעפּראַלט. קעפּ אויף קעפּ האָבן אַרויסגעקוקט.

בערקע פאַרך איז געגאַנגען און געשפּילט.

ער איז צוגעקומען צו דער שוועל פון זיין הייזקעלע. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און געזען ווי דבורה מרים שטייט מיט איר גאַנצער גרויס אין דער טיר. זי שטייט אין פאַרטעך און מיט אויסגעשפּרייטע הענט ווי זי וואָלט אים פאַרשטעלט דעם וועג.

בערקע פאַרך האָט אויפגעהערט צו שפּילן. ער האָט אָנגעקוקט דבורה מרימען און שטיל געפרעגט:

— וואָס מאַכסטו?

דבורה מרים איז געווען בלאַס ווי דער טויט. איר גאַנצע געשטאַלט האָט פול געמאַכט די טיר. קוים וואָס זי האָט באַוויזן אַרויסצושרייען פון אַלע אירע טיפענישן:

— ריר זיך נישט צו צו מיינע קינדער!

אינעווייניק אין דער שטוב האָט זיך דאָס קינד געוועקט אין דער וויג און אָנגעהויבן צו וויינען.

דער אַלטער פּאָפּוגיי אויף דער קאַטאַרינקע האָט אויפגעעפנט די אויגן און אָנגעקוקט דבורה מרימען.

בערקע פֿאַרך האָט מער נישט געפרעגט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט גענומען די שטומע קאַטאַרינקע אויף די פּלייצעס.

דער פויגל איז צוריק איינגעשלאָפן.

מיט אַ שטומער קאַטאַרינקע און מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ האָט זיך בערקע געלאָזט גיין צום כעלעמער הקדש.

---

# קאַפּיטל צען

## חושך אין דער קהלה קדושה כעלם

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ביים כעלעמער רב אין שטוב האָט זיך געטון חושך. באַלד איז אָנגעקומען צולויפן ר׳ שעפּסעלע מורה־הוראה. די יידן האָבן געציטערט ווי די פיש. זינט כעלם איז אַ שטאָט אין תפוצות ישראל איז נאָך אין איר נישט געשען אַזאַ מוראדיק געשעעניש. כעלעמער בית־דין האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון דעם עדות־זאָגן פון עפּעס אַ ייד אַ שלעפּער און האָט מתיר געווען אַן אשת־איש. די אשת־איש האָט געבערענגט אויפן ליכט פון דער וועלט אַ רעשטל מיט ממזרים. אוודאי זענען דאָ די יידענע און דער שמאַטע־קלייבער גאָט די נשמה שולדיק. דאָס וואָס כעלעמער בית־דין האָט אָבער אָפּגעטון שרייט צו די הימלען.

דער רב און דער מורה־מוראה ר׳ שעפּסעלע האָבן נעבעך שווער געזיפצט. זיי האָבן אַרויסגענומען אַ האַלבע שאַנק ספרים און געמישט און גענישטערט. מיש היינט, נישטער מאָרגן. עס איז געשען! אין דער קהלה קדושה כעלם לויפן אַרום ממזרים. אַן אשת־איש לעבט מיט אַ פרעמדן מאַן. און דער כלומרשטער בר־מינן בערקע פאַרך זיצט מיט דער קאַטאַרינקע אין שטאָטישן הקדש, שוויגט ווי די וואַנט און קוקט אויפן פויגל.

# קאַפּיטל עלף

## די שאַרפֿע שווערד פֿון דין

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרייבעניש פֿון שאלות־ותשובות. דאָס כעלע־מער בית־דין האָט זיך פֿונאַנדערגעשריבן מיט פֿאַרשידענע גדולי־הרבנים אין פּוילן. אומעטום זענען יידן און רבנים אויפֿגעציטערט געוואָרן פֿון דער מעשה־נורא אין כעלם. יידישע הערצער זענען אָנגענומען גע־וואָרן מיט רחמנות סיי אויפֿן כעלעמער רב און סיי אויפֿן מורה־הוראה ר׳ שעפּסעלע — אומשולדיק נעבעך האָבן זיי אויפֿגעעפֿנט אַלע ניין און פֿערציק טויערן פֿון גיהנום און אָנגעצונדן אינמיטן די תּפֿוצות ישׂראל אַ שוואַרץ פֿייער. אַ בית־דין האָט מתּיר געווען אַן אשת־איש און דאָס אשת־איש האָט געברענגט לעבעדיקע ממזרים.

מען האָט ווידער געמישט ספֿרים — אָבער דער דין האָט פֿון דאָרט אַרויסגעשריגן מיט גרויס גרימצאָרן. ווי מען זאָל אים נישט טייטשן און דרייען — דער דין האָט אַרויסגעבליצט פֿון די ספֿרים ווי אַ שאַרפֿע שטאָ־לענע שווערד. ער האָט געדראָעט און געמאָנט און געשריגן: פֿאַרגעלטונג!

## קאַפּיטל צוועלף

דער פֿויגל קוקט אויף בערקע פֿאַרך

די אשת־איש דבורה מרים איז גאָט די נשמה שולדיק. כּעלעמער בית־דין האָט זי אַרויפֿגעזעצט אויף דער שאַרף פֿון דער שווערד פֿונעם דין. זי דרייט זיך אַרום אַ בלאַסע און אַ שווייגנדיקע. זי עסט נישט און טרינקט נישט. כּסדר האַלט זי אירע קינדער ביים פֿאַרטעך ווי אַ קוואָקע, וואָס נישט געקוקט אויף איר שוואַכקייט באַשיצט זי אירע הינדעלעך פֿאַר אַלע שטורעם־ווינטן. דבורה מרים האַלט זיי ביים פֿאַרטעך, אירע קינדער. זי ווייסט, אַז זיי זענען ממזרים — אָבער זי וועט זיי פֿון זיך נישט לאָזן אָוועקנעמען. מיט די ציין וועט זי פֿאַר זיי אָוועקבייסן אַלעמען וואָס וועלן זיך נאָר צורירן.

דער שמאַטע־קלייבער קומט נישט אַהיים. ער פֿאָרט אויך נישט אין די דערפֿער. ער זיצט אויף אַ שטיין הינטער דער מיקווה און גלאָצט אין הימל אַריין.

אין הקדש זיצט בערקע פֿאַרך מיט דער קאַטאַרינקע. ער האַלט דעם פֿויגל אין דער האַנט און קוקט אויף אים. אויך דער פֿויגל האָט אויפֿגעהערט צו שלאָפֿן און קוקט כּסדר אויף בערקע פֿאַרך.

## קאַפּיטל דרייצן

עס פליען די שאלות ותשובות

פון אַלע שטעט און שטעטלעך — ווהין דאָס כעלעמער בית־דין האָט געשריבן און געפרעגט — זענען אָנגעקומען פון די רבנים ביטערע תשובות. דער דין איז האַרב און לאָזט מיט זיך נישט רעדן. ער שרייט צו אַלע הימלען. אין כעלם האָט אַן אשת־איש חתונה געהאַט מיט אַ פרעמדן מאַנסביל. טעות אַהין, טעות אַהער — דער ערשטער מאַן לעבט. ווי דאָס האַרץ זאָל נישט רייסן, מוז מען פאָרט זאָגן: אין כעלעמער קהלה קדושה דרייען זיך אַרום לעבעדיקע ממזרים.

וואָס טוט מען פאָרט? דאָס כעלעמער בית־דין האָט נאָך אַ מאָל אָנגע־פרעגט ביי אַלע רבנים אין פוילן.

עס זענען פונדאָסניי אָנגעקומען לאַנגע תשובות מיט פלפול. פון אוי־מעטום האָט אַרויסגעשריגן דער דין: ניין און ניין! אַלע רבנים האָבן גע־טענהט בפה אחד, אַז קיינער קאָן דאָ נישט העלפן סיידן ר׳ יהושיעלע קוטנער.

## קאַפּיטל פּערצן

### ר׳ יהושיעלע קוטנער

אין יענער צייט האָט זיך ר׳ יהושיעלע קוטנער געדעכנט פאַר דעם שר־התורה ביי יידן. דאָס פּוילישע שטעטל קוטנע, וואָס קיינער האָט דערפון נישט געוווסט, האָט אָנגעהויבן צו קלינגען אין אַלע תפוצות ווו יידן וווינען. עס דונערט און עס בליצט אין קוטנע מיט חריפות און עס האָט זיך דאָרט אויפגעטון דער טיפסטער קוואַל פון דער תורה. די אויגן פון די גרעסטע לומדים אין גאָר דער וועלט האָבן אַהין געקוקט קיין קוט־נע ווו עס זיצט דער לעצטער פוסק פון יידישן דין. ווו קיינער האָט זיך שוין נישט געקאָנט געבן קיין עצה האָט מען אָנגעפרעגט אין קוטנע.

## קאַפּיטל פופצן

דריי בוידן פאָרן קיין קוטנע

דאָס כעלעמער בית־דין האָט געזען אַז כלו כל הקצין, האָט מען געדונגען דריי בוידן, אין איין בויד האָבן זיך אַריינגעזעצט דער רב מיט דעם מורה־הוראה ר׳ שעפּסעלע. אין דער צווייטער דבורה מרים מיט אַלע אירע קינדער און אין דער דריטער — דער שמאָטע־קלייבער און זיין בערקע פאַרן דער קאַטאַריניאַזש. זינט ער לעבט האָט זיך בערקע נאָך נישט געהאַט פונאַנדערגעשיידט מיט דער קאַטאַרינקע. ער האָט זי געוואָלט מיטנעמען קיין קוטנע. קוים מען האָט ביי אים געפּועלט אַז ער זאָל זי איבערלאָזן אין הקדש. וואָס הייסט קומען צו ר׳ יהושיעלען מיט אַ קאַטאַרינקע?

דערפאַר האָט מען ביי בערקען בשום אופן נישט געקאָנט פּועלן אַז ער זאָל איבערלאָזן דעם פּאָפּוגיי.

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין דער בויד מיטן פויגל אין דער האַנט. אַזוי זענען דריי כעלעמער בוידן אָנגעקומען קיין קוטנע.

# קאַפּיטל זעכצן

## הייליקער רבי! ראַטעוועט מיינע קינדער

ווען די בוידן זענען פאַרפאָרן פאַר דער קוטנער בית־דין־שטוב האָט ר׳ יהושיעלע געהאַלטן פונקט אינמיטן שיעור. אַרום ר׳ יהושיעלעס טיש זענען געזעסן די גרעסטע לומדים. ר׳ יהושיעלע איז געזעסן אויבנאָן אין אַ לעדערנער שטול. פאַר אים איז געלעגן אַן אויפגעמישטע גמרא. מען האָט בפירוש געפילט ווי דער ים־התלמוד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן שטורעם־ווינט. זיינע פאַליעס רייסן די ברעגעס און הויבן זיך עד לב־השמים. אָבער ר׳ יהושיעלע קוטנער פירט זיין שיף איבער דעם אומענדלעכן ים פון יידישער חריפות. ער פירט זיין שיף ווי אַ געניטער קאַפּיטאַן. די ווינטן ווערן אַנטשוויגן פאַר זיינע זעגלען. די פאַליעס לייגן זיך פאַר זיין שיף ווי שטילע שעפּעלעך. די לומדים זענען געזעסן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. קוים וואָס זיי האָבן געקאָנט נאָכקומען ר׳ יהושיעלעס וועג אין דעם ים פון תלמוד.

פּלוצעם עפנט זיך די טיר פון דער בית־דין־שטוב. די ערשטע פאַלט אַריין אַ הויכע יידענע. זי פירט מיט זיך עטלעכע קינדער. זי האַלט זיי ביי דער האַנט און די קינדער קוקן זיך צעשראָקענע אַרום. די יידענע וואַרט אָבער נישט. זי פאַלט מיט איר גאַנצער גרויס אַנידער פאַר ר׳ יהו־שיעלעס שטול. זי הויבט צו אים אויף אירע הענט און שרייט מיט אַ יאָ־מערלעך קול:

— הייליקער רבי, ראַטעוועט מיינע קינדער!

די זינדיקע יידענע פון גאַר־גאַר אונטן איז געבליבן ליגן אויף דער ערד ביי די פיס פון דעם גרעסטן גאון פון דער תורה אין פוילן. זי האָט געכליפּעט.

באַלד זענען אַריינגעקומען דער כעלעמער רב און דער מורה־הוראה

ר׳ שעפּסעלע. הינטער זיי זענען געבליבן שטיין ביי דער טיר דער שמאַטע־קלייבער און בערקע פֿאַרך דער קאַטאַריניאַזש. בערקע האָט געהאַלטן דעם פּאָפּוגיי אין דער האַנט. דער פּאָפּוגיי, וואָס איז ביז איצט געשלאָפֿן האָט געעפֿנט די גרינע אויגן און אויך געקוקט אויף ר׳ יהושיעלע קוטנער.

ר׳ יהושיעלע האָט דעם כעלעמער בית־דין געגעבן שלום־עליכם און באַלד אויסגעפֿרעגט דאָס גאַנצע ענין. דאָס כעלעמער בית־דין האָט נעבעך ביטער געזיפֿצט און דערציילט דאָס געשעעניש מיט אַלע פּרטים און פּי־טשעווקעס. ר׳ יהושיעלע האָט געהערט, צוגעהאַלטן די אויגן און זיך גע־ריבן מיט דער האַנט דעם שטערן. פֿון צייט צו צייט האָט ער געעפֿנט די אויגן און אַ קוק געטון אויף דער יידענע וואָס איז געלעגן ביי זיינע פֿיס, און אויף די קליינע קינדער, וואָס זענען צעשראָקענע און בלאַסע געשטאַנען אַרום דער העשנדיקער מוטער און אויך געקוקט אויף אים, אויף ר׳ יהושי־עלע קוטנער.

## קאַפּיטל זיבעצן

עס איז געשען דאָס גרעסטע

ר' יהושיעלע האָט געטראַכט און געטראַכט. פּלוצלינג איז ער אויפגעשטאַנען פון דער שטול. ער האָט געהייסן צופירן דעם שמאַטע־קלייבער און בערקע פאַרך מיטן פויגל, און זיי עפּעס געפרעגט. די יידן פון גאָר אונטן האָבן עפּעס געענטפערט. שפּעטער האָט ער לאַנג אויסגעפרעגט דאָס כעלעמער בית־דין. — און עס איז געשען דאָס גרעסטע וואָס די תורה פון יידן קאָן באַווייזן.

## קאַפּיטל אַכצן

דער ייד פון אויבן צוזאַמען מיט דעם ייד פון אונטן

פאַראַן אַ דין אין דער גמרא, אַז דאָס בית־דין קאָן מבטל זיין קידושין. „אפקו רבנן לקידושין מיניה" — אָבער דאָס בית־דין וואָס טוט עס, נעמט אויף זיך די גרעסטע אחריות פאַר אַלע וועלטן.

ר׳ יהושיעלע קוטנער האָט אַ קוק געטון אויף דער אָרעמער זינדיקער יידענע, וואָס ליגט אויף דער ערד, און אויף אירע קליינע קינדער. ער האָט אַ קוק געטון אויף די צוויי שטומע פשוטע יידן פון גאָר אונטן, וואָס איינער פון זיי טראָגט אַ גרינעם פויגל אין דער האַנט. די יידן ווייסן נע־בעך פון גאָר נישט. ר׳ יהושיעלע האָט געטראַכט: מיט דעם ערשטן מאַן, מיט דעם קאַטאַריניאַזש האָט די יידענע נישט געהאַט קיין קינדער. די קינדער זענען פון דעם צווייטן, דעם שמאַטע־קלייבער. וואָס וועט זיין ווען איך וועל מבטל מאַכן פון לכתחילה די קידושין פון דעם ערשטן? די קינ־דער זענען געראַטעוועט פון צו זיין ממזרים. די יידענע וועט צוריק גיין צו דעם מאַן פון וועלכן גאָט האָט געבענטשט איר טראַכט.

דער גרעסטער ייד האָט גענומען דעם נידעריקסטן ייד, דעם גאָר־גאָר קלענסטן ייד, דעם ייד, וואָס האָט צומאָל קיין נאָמען נישט — ער האָט אים גענומען אויף דער פּלייצע, פאַר אים איינגעשטעלט עולם־הזה און עולם־הבא און מיט אים אַריבערגעשווימען דורך דעם פייערדיקן שטראָם פון געזעץ — און אים אַרויסגעזעצט אויף דער זיכערער און רואי־קער טריקעניש ווי אַ מאַמע, וואָס ראַטעוועט איר דערטרונקען קינד.

ר׳ יהושיעלע קוטנער האָט פאַר די לומדים געזאָגט אַ קורצן פּשטל, ער האָט פאַר זיי דערקלערט זיין טאַט און די אחריות, וואָס אַ ייד פון אויבן דאַרף אויף זיך נעמען פאַר אַ ייד פון אונטן.

ער, ר׳ יהושיעלע קוטנער, האָט מבטל געווען די ערשטע קידושין —

דאָס הייסט, דבורה מרים איז קיינמאָל נישט געווען דאָס ווייב פון בערקע פּאַרך — און ער האָט געזאָגט צו דער יידענע וואָס איז געלעגן ביי זיינע פיס:

— אייערע קינדער זענען כשרע יידישע קינדער. גייט אַהיים צו אייער צווייטן מאַן!

*
**

יידן האָבן שפּעטער דערציילט, אַז דאָס גאַנצע בית־דין של מעלה האָט אַראָפּגעקוקט פון זיבעטן הימל און איז געווען טשיקאַווע צו זען וואָס ר׳ יהושיעלע קוטנער וועט טון. נאָך ר׳ יהושיעלעס פּסק האָט, כביכול, אַליין געשמייכלט און געזאָגט צו אַלע מלאכים:

— נצחוני בני, מיינע קינדער האָבן מיך באַזיגט.

## קאַפּיטל איינס

די וועלט פון די מעשה־ביכלעך

ר׳ יאָקל, אַן אָרעמער כעלעמער מלמד, האָט זיך אָנגעלייענט מיט אַ סך יידישע מעשה־ביכלעך. גאָר די וועלט איז פאַר אים דאָרט נתגלה געוואָרן אין דעם ליכט פון אַ גן־עדן התחתון. ר׳ יאָקלס כוח־הדמיון האָט זיך אָנגעצונדן און צעפלאַקערט ווי זיבן זונען.

ר׳ יאָקל האָט זיך אָפּגעשפּאָרט דעם ביסן פון מויל און געקויפט די מעשה־ביכלעך ביי יידן מוכרי־ספרים, וואָס זענען געקומען צופאָרן קיין כעלם אויף צעבראָכענע לייוונטענע ביידלעך. די מוכרי־ספרים האָבן די מעשה־ביכלעך אויסגעלייגט אויף די טישן פון בית־המדרש צוזאַמען מיט בינטלעך ציצית, ארבע־כנפותן, געליישטע קינדערישע יאַרמולקעלעך און אַנדערע כלי־קודש און רומל־ספרים.

ר׳ יאָקל האָט זיך פאַרטיפט אין די מעשה־ביכלעך ווי אין אַ גאָלדענעם תהום. אויף די בלעטלעך דאָרט זענען געפאָרן שיפן צום ים־הקרח און אַהיים געבראַכט גאָלד און אבנים־טובות. ער איז אַרומגעקראָכן איבער די קריש־טאָלענע פּאַלאַצן פון אַלערליי מלכים און בת־מלכהס און האָט באַוואונדערט די שפע פון עשירות. מיט אַ הונגעריקן מאָגן האָט ר׳ יאָקל צוגעקוקט ווי די מלכים עסן זייערע מאָלציטן. ער האָט געגריזשעט אַ רעטעך און געזען ווי די מלכים זיצן ביי גאָלדענע טישן און עסן אויף וועטשערע נישט ווייניקער ווי אַכציק טויזנט מאכלים. דאָס שפּייעכץ איז ר׳ יאָקלען געראונען איבער די ליפּן און ער האָט זיך באַלעקט. אַמאָל האָט ער זיך גאָר מיישב געווען און איז אַוועקגעפאָרן מיט אַ מעשה־ביכל אויף יענער זייט סמבטיון. וואָס ער האָט זיך דאָרט אָנגעזען איז געווען געגנוג, אַז עס זאָל אים אָנהויבן צו שווינדלען אין קאָפּ.

אַמאָל האָבן די מעשה־ביכלעך געגומען דעם כעלעמער מלמד און אים

אויף טשיקאַוועס אַוועקגעפּירט צו די גזלנים אין זייערע היילן. אויך דאָרט האָט געבליצט מיט גאָלד און מיט שפע. עס האָט אפילו ר׳ יאָקלען לכת־חילה נישט געשמעקט, וואָס ביי די גזלנישע גליקן מוזן דווקא געשען רציחות. מען שטייט אויף די וועגן און מען באַפאַלט רייכע סוחרים. באין ברירה, דאָס הייסט, ווען די סוחרים גיבן נישט אַלצדינג פון זיך אַוועק ברצון־טוב, פאַלן קעפּ און עס גיסט זיך בלוט. עס איז טאַקע אַ הימל געשריי — אָבער דערפאַר ליגן אין די היילן פון די גזלנים גאַנצע בערג מיט בריליאַנטן און אבנים טובות. אינעווייניק אין די היילן קאָן מען אַריינ־קומען סיידן דורך עפּעס אַ שפּרונג. אָט פון דעם שפּרונג ווייסט נישט אויף דער וועלט קיין בן־אדם, אַ חוץ דער אַטאַמאַן פון די גזלנים, ווי אויך דער מעשה־ביכל דערציילער, ר׳ יאַנקל לערער פון לאָדזש, המכונה מאָרגנ־שטערן, און ער, ר׳ יאָקל, דער כעלעמער מלמד.

נאָכדעם ווי ר׳ יאָקל האָט זיך אַ גאַנצן טאָג אָנגעקנעלט מיט די תלמי־דים, האָט אים זיין זוגתו, מרת זיסל, דערלאַנגט אַ שיסעלע מאָגערע גריץ. ר׳ יאָקל האָט באַלד אָנגעצונדן אַ קינדל האָלץ, זיך אַוועקגעזעצט ביים פּיע־קעליק און אָנגעהויבן אַרומצופאָרן איבער דער ליכטיקער גאָלדענער וועלט. למראית עין איז ער געריטן אויף דעם רוקן פון אַ מעשה־ביכל, וואָס ער האָט פאַרן לעצטן גראָשן געקויפט ביי אַן אָנפאָרנדיקן מוכר־ספרים.

## קאַפּיטל צוויי

וואָס זאָל ער ווערן — אַ שני־למלך צי אַ גזלן?

נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן, נאָכן אָנלייענען זיך ווי אַ פּויק מיט אַלערליי מעשה־ביכלעך און ר׳ יאָקל איז שוין געווען ווי אין דער היים סיי אויפֿן ווייטן ים־הקרח, סיי ביי די בני משה הינטערן טייך סמבטיון, סיי בחצרות המלכים און ביי זייערע וועטשערעס, און סיי אין די היילן פֿון גזלנים, האָט ער זיך מיישב געווען: וואָס וועט זיין דער תכלית צו זיצן אין דעם פֿינצטערן כעלם און צו זופּן פֿון די מאָגערע גריצן, וואָס עס גיט אים זוגתו זיסל? כעלם איז נישט מער ווי אַ קליין נישטיק פּינטעלע אין דער ליכטיקער שפּע פֿון גאָר דער וועלט, ווו עס שווייבלט און גריבלט מיט גאָלד און מיט זילבער. האָט ר׳ יאָקל אָנגעהויבן צו טראַכטן: בלויז זיצן ביים פּיעקעליק און לייענען מעשה־ביכלעך איז ווייניק. מען מוז זיך אַ נעם טון צום גרויסן מעשה־ביכל, וואָס הייסט וועלט.

וואָס צו טון און וווהין זיך צו לאָזן האָט ער נישט געהאַט קיין דאגה. וווהין מען שטעקט נאָר אַרויס די נאָז פֿון כעלם הויבט זיך שוין אָן, לויט ווי עס שרייבן די מעשה־ביכלעך, דער גן־עדן התחתון. תחילת האָט ער אפילו געהאַט בדעה זיך אַוועקצולאָזן אויפֿן ים־הקרח און פֿון דאָרט אַהיים צו ברענגען אַ פֿולע פּאַטשיילע מיט דימענטן. ר׳ יאָקל האָט אָבער באַטראַכט די נסיעה און באַלד איינגעזען: פֿאַר די שיפֿס־קאַפּיטאַנען פֿון די מעשה־ביכלעך איז עס טאַקע גרינג ווי אַ פֿייגעלע — פֿאַר אים, ר׳ יאָקלען, איז עס שוין נישט אַזוי לייכט. ווו נעמט מען אַ שיף? און ווו נעמט מען אַ פּאָר גראָשן אויף די ערשטע הוצאות? האָט ער זיך מיישב געווען: ער וועט זיך אַוועקלאָזן אין די חצרות המלכים. אפֿשר וועט זיך דאָרט צו אים צוטשעפּען אַ בת־מלכה? ער וועט ווערן אַ שני־למלך ביי זיין שווער דעם קעניג, און וועט אויך אַמאָל אָן עס טון אַ וועטשערע פֿון אַכציק טויזנט

מאכלים. האָט ער ווידער איינגעזען: עס איז אויך נישט אַזוי לייכט. אויך דאָרט אַהין דאַרף מען האָבן די ערשטע עטלעכע גראָשן אויף הוצאות.

האָט ער זיך ווידער איבערגעלייגט: אפשר וועל איך גאָר אַוועק אין די היילן צו די גזלנים? דעם שפרוך, ווי אַזוי צו עפענען דאָס טירעלע פון דעם הייל, קאָן איך פון אויסנווייניק ווי אשרי יושבי ביתך. איך בין אויס־געקניפּט און אויסגעבונדן אין אַלע מנהגים פון די גזלנים. איך ווייס, ווען זיי רייטן אַוועק אויף זאַק־רויב, און ווען זיי קומען צוריק אָנגעלאָדן מיט כל טוב.

האָט זיך ר׳ יאָקל אָבער דערמאָנט אין די אָפּגעהאַקטע קעפּ, וואָס די גזלנים טראָגן אויף זייערע שפּיזן בעת זיי רייטן אַהיים. איז אים ווידער ביטער געוואָרן אין מויל. ס׳טייטש, ווו איז ערגעץ דער לא תרצח פון די עשרת־הדברות?

שנית, האָט ער אַנומלט געלייענט אין אַ ניי מעשה־ביכל, אַז מיט דעם שפרוך צו עפענען די היילן פון די גזלנים איז גאָר נישט אַזוי פשוט. אַ חוץ דעם שפרוך מוז מען זיך נאָך גוט אויסקענען אין וואַלד, און אין וואַלד דרייען זיך אַרום לייבן און לעמפּערטן און אַנדערע חיות־רעות. דאָס ביכל גיט אפילו אַן עצה, אַז בעת מען טרעפט אַ לייב זאָל מען אַרויפ־קלעטערן אויף אַ בוים. קאָן אָבער ר׳ יאָקל, דער כעלעמער מלמד, נישט קלעטערן אויף קיין ביימער.

# קאַפּיטל דריי

מען מוז אָנהויבן פון גאָר אונטן

בקיצור, ווי ער זאָל נישט האָבן געדרייט דעם פּסוק, איז עס נישט געווען פּשוט. לסוף האָט זיך ר׳ יאָקל מיישב געווען: דאָס גלייכסטע איז טאַקע גזלנים. אָבער אפילו ביי גזלנים דאַרף מען נישט באַלד אָנהויבן ביים סאַמע שפּיץ. מען דאַרף גיין פּאַוואָליע, מן הקל אל הכבד. צום ערשטן ווערט מען אַ גזלן על דעת עצמו, דאָס הייסט: מען פּרוווט ווערן אַ גזלן אויפֿן אייגענעם חשבון. נישט באַלד לויפֿן קיין בויבעריק, אין די היילן צו יענע, וואָס האָבן אין דער פּרנסה פֿון גזלנות שוין דערגרייכט העט, העט איבער די פֿינף און זיבעציק טויזנט. מען דאַרף אָנהויבן ביי דעם אלף איידער מען קומט צו דעם ת״ו. פּאַמעלעכל, פּאַמעלעכל ווערט מען, בעזרת השם, פֿון אַ קליינעם גזלן אַ גרויסער גזלן. מען באַרויבט תחילת גאָר אויפֿן קליינעם שטייגער. דערנאָך קומט מען אַהין צו די גזלנים שוין אַן אויסגעמענטשלטער גזלן, נישט עפּעס אַ מלמד, אַ לעמעשקע. מען קאָן נישט קומען צו די שפּיצן פֿון די גאָלדענע בערג מיט ליידיקע הענט און מיט אַ בלויזן מלמדישן קאַנטשיק.

ר׳ יאָקל האָט נאָך אַמאָל באַטראַכט דעם ענין אַהין און אַהער און איז געקומען צו דער מסקנה אַז איידער ער ווערט דער גרויסער גזלן מוז ער אָנהויבן פֿון אונטן, פֿון גאָר אונטן.

# קאַפּיטל פיר

ר׳ יאָקל מאַכט זיך אַ האַרץ פון שטיין

כדי זיך צו מאַכן אַ האַרץ פון שטיין און אַרויסצורייסן פון זיך דעם לאַ־תרצח, האָט ר׳ יאָקל זיך אַ נעם געטון צו פליגן. קיין פליגן האָבן ברוך־השם נישט געפעלט ביי ר׳ יאָקלען אין חדר. ר׳ יאָקל האָט זיי, די פליגן, אָנגעהויבן צו פּאַרטיליקן. דער כוח הדם האָט זיך ביי אים פאַמע־לעכל צעשפּילט כמעט ווי ביי אַן אמתן גזלן. ר׳ יאָקל האָט פון זיך געהאַט גרויס הנאה און האָט באַשיימפּערלעך געזען, אַז ער האָט זיך אויסגע־קליבן דעם ריכטיקן דרך. אויב עס וועט אים ווייטער אַזוי גיין ווי מיט די פליגן, וועט ער זיך לסוף דערשלאָגן צו אַ תכלית.

אַמאָל פרייטיק, נאָכדעם ווי ער האָט צעלאָזן דעם חדר און ער איז שוין געהאַט געווען אין הייסן כעלעמער מרחץ און האָט מעביר געווען די סדרה אויך, האָט ער, ר׳ יאָקל, ביי זיך באַשלאָסן, אַז בלי־נדר זונטיק, הויבט ער אָן צו ווערן אַ גזלן און וועט, ווען מיר וועלן עס דערלעבן, מאַכן דעם ערשטן פּאָטשאָנטעק.

## קאַפּיטל פינף

ר׳ יאָקל שטעלט זיך אַוועק אין וואַלד און גייט ווערן אַ גזלן

נאָך הוה. זונטיק נאָכמיטאָג האָט זיך ר׳ יאָקל פאַר קיינעם נישט וויסנ־דיק געמאַכט און בשתיקה אַרויסגעגנבעט דאָס העקל, מיט וועלכן זוגתו זיסל פלעגט שפּאַלטן האָלץ. ער האָט זיסלען געזאָגט עפּעס אַ תירוץ פון דער מה־נשתנה, נאָך אַמאָל פאַרטיליקט אַ פּאָר פליגן, כדי זיך אָנצו־נעמען מיט אַ ביסעלע רציחה, און אַרויס פון כעלם. ער האָט געהאַט אין דער דעה זיך אַוועקצושטעלן אין וואַלד. לויט ווי עס שרייבן די מעשה־ביכלעך. דאַרף אַ גזלן שטיין אין וואַלד און דאָרט אָפּוואַרטן אַ סוחרישע פור און זי באַראַבעווען. איי, טאָמער וועלן זיך די יידן נישט לאָזן באַראַ־בעווען? האָט ר׳ יאָקל געטראַכט — נו, וועט ער זיי הייסן זאָגן ווידוי.

ווייט אין וואַלד האָט ער מורא געהאַט צו גיין, טאָמער, חס ושלום, טרעפט ער דאָרט אַ גוי, צי אַ הונט. וויפל פליגן ר׳ יאָקל זאָל נישט האָבן פאַרטיליקט, האָט ער פונדעסטוועגן אין זיך נישט געקאָנט בייקומען דעם פּחד פאַר אַ פרעמדן גוי, צי פאַר אַ כלב. ר׳ יאָקל האָט געטראַכט: אויב איך וועל מיר אַוועקשטעלן ביים ערשטן בוים אין וואַלד און וואַרטן, האָב איך שוין אַלצדינג געטון כדת וכדין ווי די מעשה־ביכלעך שרייבן פאָר פאַר אַ גזלן.

ער איז געשטאַנען און געשטאַנען, דאָס העקל האָט ער געהאַט פאַר־שטעקט אין גאַרטל און אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער קוקט שוין דערמיט אויס ווי אַ ריכטיקער גזלן. ווער עס וועט אים נאָר אָנקוקן, ר׳ יאָקלען, אויף דעם וועט שוין אָנפאַלן אַן אימה און ער וועט זיך לאָזן באַראַבעווען מיט גוטן און עס וועט, חלילה, נישט דאַרפן קומען צו שפיכת־דמים.

ר׳ יאָקל איז געשטאַנען איינער אַליין אונטערן בוים. גראָד האָט זיך

אויפגעהויבן אַ ווינט און דער וואַלד האָט אָנגעהויבן רוישן. דאָס רוישן פון דיביימער האָט אויף ר׳ יאָקלען אָנגעוואָרפן אַן אימה. ער האָט געטון אַ טראַכט: אפשר ווער איך אָפּלייגן דאָס גזלנות אויף עטלעכע טעג און וועל בעסער דערווייל אַ היים גייןִ? אינעם גערויש פון די ביימער איז אים טיילמאָל פאָרגעקומען צו הערן ווי פון די וואַלד־טיפענישן גייען מחנות חייל אוןִ עס רייטן אַן די אמתע גזלנים פון די מעשה־ביכלעך.

ער האָט זיך אָבער אָנגענומען מיט האַרץ און באַטאַפּט דאָס העקל וואָס האָט אים געשטעקט אין גאַרטל. ר׳ יאָקלס געמיט האָט זיך געשטאַרקט און זיין כוח־הדם האָט זיך אויפסניי צעשפּילט.

דערווייל איז געוואָרן שפּעט. עס איז געוואָרן נאָענט צו שקיעת החמה. די הימלען זענען געוואָרן רויט ווי דאָס גיהנום, פונקט ווי דאָס איז באַ־שריבן ביי ר׳ יאַנקל לערער פון לאָדזש המכונה מאַרגנשטערן. די שפּיצן פון די ביימער האָבן זיך אויך פאַרפאַרבט אויף רויט. אַלצדינג אין דער וועלט האָט באַשיימפערלעך געשמעקט מיט דם ואש ותימרות עשן. ר׳ יאָקל האָט געזען: מען האָט אים פשוט מן־השמים אַוועקגעשטעלט אין אַ רויטער וועלט און אים געהייסן זיין אַ גזלן.

עס האָט זיך אָנגערוקט דער זמן מנחה. ר׳ יאָקל האָט געטראַכט: איך בין טאַקע אַ וואַלד־גזלן, נאָר וואָס געהער זיך עס אָן מיט מנחה? דאַווענען מנחה מוז אפילו אַ ייד, וואָס איז זיך מפרנס פון גזילה און רציחה.

ר׳ יאָקל, דער ניי־געבאַקענער כעלעמער גזלן, האָט זיך אַוועקגע־שטעלט דאַווענען מנחה.

פונקט ווען ער האָט געהאַלטן ביים סוף שמונה־עשרה האָט ער גע־הערט ווי עס פאָרט אָן אַ בויד. ער האָט אויפגעעפנט אַ האַלב אויג און אַ קוק געטון — קיין עין הרע אַ פולע בויד, אָנגעפאַקט מיט יידן.

ר׳ יאָקל האָט געזען בחוש, ווי מען האָט אים מן השמים צוגעשיקט דעם ערשטן פּאָטשאָנטעק. מפסיק זיין אינמיטן שמונה־עשרה טאָר מען נישט — האָט ער צו די יידן געוויזן מיט די הענט, אַז זיי זאָלן בלייבן שטיין.

די יידן אין דער בויד האָבן געזען, ווי אַ ייד שטייט שמונה־עשרה אונטער אַ בוים און ווייזט מיט די הענט צו בלייבן שטיין, האָבן זיי גע־הייסן דעם בעל־עגלה אָפּשטעלן די בויד.

ר׳ יאָקל האָט פּאַרענדיקט שמונה־עשרה, זיך אויסגערוקט אונטער־ווײַלעכץ, געזאָגט „עלינו" און אויסגעשפּיגן צוויי מאָל. ער איז צוגעגאַנגען צו דער בויד מיט יידן, אַרויסגענומען דאָס העקל פונעם גאַרטל און דער־מיט אַ פּאַך געטון אין דער לופטן.

— שלום־עליכם, יידן — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט אַ האָפּערדיקער.

— עליכם־שלום — האָבן די יידן אין דער בויד געענטפערט — וואָס ווילט איר?

— וואָס איך וויל? — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט מיט רוגזה — איך גיב אייך, רבותי, אַ האַלבע שעה צייט אויף ווידוי.

— וואָס עפּעס ווידוי? — האָבן זיך די יידן געוווּנדערט.

— די מעשה איז אַזוי — האָט ר׳ יאָקל געענטפערט — לעולם בין איך אַ כעלעמער מלמד, נאָר איך האָב מיך מיישב געווען און איך בין מיר געוואָרן אַ גזלן. ווייס איך דאָך, אַז איר וועט זיך נישט לאָזן באַראַבעווען מיט גוטן, על כן, מוז איך, רחמנא ליצלן, אָנקומען צו שפיכת דמים און איך הייס אייך זאָגן ווידוי.

די יידן אין דער בויד האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן. דער בעל־עגלה האָט אָבער נישט געוווּסט פון קיין קאַטאָוועס און ער האָט אַ פּרווו געטון צו נעמען די בייטש.

אויף אַ בייטש האָט זיך ר׳ יאָקל נישט געריכט. פון דער בייטש האָבן די מעשה־ביכלעך נישט דערציילט. דער כוח־הדם איז אים אין דער רגע פאַרגאַנגען. ער האָט זיסלס העקל צוריק אַריינגעשטעקט אין גאַרטל און מיט אַ היימישלעך קול זיך אָפּגערופן צו די יידן:

— זע איך דאָך — האָט ער געזאָגט מיט אַ גמרא־ניגון — אַז איר ווילט זיך נישט לאָזן באַראַבעווען. נו, מילא, טאָ גיט מיר כאָטש אַ שמעק טאַבאַק.

אַ ייד אין דער בויד האָט אַרויסגענומען אַ קאָרן־שקעטעלע און האָט מכבד געווען ר׳ יאָקלען מיט אַ שמעק טאַבאַק. ר׳ יאָקל גזלן האָט געטון אַ נאָס און די גאַנצע בויד מיט יידן האָט געענטפערט: אסותא, צום גע־זונט!

— אַ יישר כוח — האָט געענטפערט דער גזלן ר׳ יאָקל.

# זעכצנטע מעשה

צוויי כעלעמער חכמים גייען אָפּנאַרן די נאַרישע וועלט

# קאַפּיטל איינס

## דאָס קלוגע כעלם און די נאַרישע וועלט

ווי מיר ווייסן איז דער פּרנסה־חודש ר׳ יוסף לאָקש געווען אין וואַרשע. דאָרט האָט ער געזען, אַז ווען די וועלט זאָגט, אַז כעלם איז די קליג־ כטע שטאָט, מיינט זי עס טאַקע, אויף אַן אמת. די וועלט טוט נישט מער נאָר מאַלפּעוועט נאָך כעלם און לערנט זיך ביי איר חכמה.

אָבער סאַמע חכמה, איז אויך נישקשה פון אַ ביטער עסק. און גאָר ביטער איז געווען פאַר ר׳ פּיווישן און ר׳ לייבושן, צוויי כעלעמער יידן אָרעמעלייט, וואָס האָבן געזען, אַז צו וואָסער פּרנסה זיי האָבן זיך נישט געזאָלט נעמען, האָט זיך עס כסדר אויסגעלאָזט מיט דער פּוטער אַראָפּ, ווייל: אַ שטאָט פון סאַמע חכמים איז נישט קיין קלענער אומגליק ווי אַ וועלט פון סאַמע נאַראָנים. ווייל מען האָבן פּרנסה, מוז מען זיך קליגן און עמעצן אָנטון אַ ספּאָדיק. גיי קליג זיך און טו אָן אַ ספּאָדיק אַ כעלעמער! ער אַליין האָט דעם ספּאָדיק און וויל דיר אים צוריק אָנטון.

— איז וואָס זשע טוט מען? האָט ר׳ פּיוויש געפרעגט ביי ר׳ לייבושן.

ר׳ פּיוויש האָט ר׳ לייבושן געהאַלטן פאַר אַ קליגערן פון זיך.

ר׳ לייבוש האָט אַרויסגענומען דאָס קאָרענע שקעטעלע מיט טאַבאַק און געהייסן ר׳ פּיווישן אַז ער זאָל אַריינקוקן אין שקעטעלע.

ר׳ פּיוויש האָט אַריינגעקוקט אין שקעטעלע און נישט פאַרשטאַנען דעם מיין. האָט ער געשוויגן.

— זעט איר, ר׳ פּיוויש, האָט ר׳ לייבוש געזאָגט, אויב מען וויל האָבן אַ גוטן שמעק־טאַבאַק מוז מען צונויפמישן אַלערליי סאָרטן טאַבאַק. מישט מען גוט, קומט פון דער מזיגה דער כפתור ופרח. איטלעכע זאַך אין דער וועלט איז, ווי מיר ווייסן, נייערט אַ משל צו אַ נמשל. מען מוז, ר׳ פּיוויש לעבן, לערנען ביי דעם קלענסטן כדי צו פאַרשטיין דאָס גרעס־

טע. כעלם איז אַ שטאָט פון סאַמע חכמים — טויג נישט. די וועלט איז אַ מקום פון סאַמע נאַראָנים. סאַמע נאַראָנים טויג אוודאי נישט.

— אַז מען זאָל צונויפמישן כעלעמער חכמה מיט דער נאַרישער וועלט, וועלן מיר, ר׳ פּיזוויש, אַרויסבאַקומען דעם אמתן שמעק־טאַבאַק, דעם אמתן כפתר־ופרח.

— איז וואָס־זשע זאָלן מיר טוען, ר׳ לייבוש־שי? האָט ר׳ פּיזוויש געפרעגט.

— אין כעלם וועלן מיר ביי אונדזער גאַנצער חכמה בלייבן אייביקע קבצנים, האָט ר׳ לייבוש ווייטער געזאָגט, אין דער וועלט מוז איינער זיין קליגער פאַרן אַנדערן. כדי די וועלט זאָל האָבן אַ קיום און יידן זאָלן האָבן פּרנסה, מוז איינער דעם אַנדערן קאָנען אָנטון אַ ספּאָדיק.

— אפשר זאָלן מיר גיין קיין וואַרשע, ווי ר׳ יוסף לאָקש? — האָט ר׳ פּיזוויש געפרעגט.

— ניין. וואַרשע טויג נישט, האָט ר׳ לייבוש געענטפערט. וואָסער נאַר איז וואַרשע ווען זי ווייסט שוין אַז כעלם איז קליגער פאַר איר? אַ נאַר טאָר נישט וויסן אַז דער חכם איז דער קליגערער.

— וווהין זאָלן מיר זשע גיין? — האָט ר׳ פּיזוויש געפרעגט און גע־קוקט ר׳ לייבושן אין מויל אַריין.

— מען זאָגט, האָט ר׳ לייבוש געענטפערט, אַז פּונקט ווי כעלם איז די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט, אַזוי איז דאָס יעקע־לאַנד, פּרייסן, דאָס נאַרישסטע לאַנד אין דער וועלט. די נאַרישסטע דאָרט, זאָגט מען, זענען די יעקישע יידן. וועלן מיר אַהין גיין צו יענע יידן, מיר צוויי כע־לעמער, און וועלן זיי, די יעקישע יידן, אָנטון דעם אמתן ספּאָדיק. מיר וועלן ביי זיי אויסנאַרן די בכורה און — ר׳ פּיזוויש לעבן, מירצעשעם וועט ביי אונדז אין די קעשענעס ווערן ויהי אור.

## קאַפּיטל צוויי

אונטער דער ממשלה פון יעקישן קיסר

די פּייוויש און ר׳ לייבוש האָבן זיך בסוד געגרייט אין וועג אַריין קיין פּרייסן. זיי האָבן זיך שטאַרק אויסגעהיטן אַז קיינער אין כעלם זאָל חלילה נישט וויסן וואָס זיי טראַכטן און וווהין זיי פאָרן. אַזוי ווי ר׳ פּייוויש און ר׳ לייבוש זענען נעבעך געווען גרויסע אָרעמעלייט, האָט מען זיך טאַקע אין כעלם ווייניק געדאגהט צו וויסן וואָס עס טוט זיך ביי אָט די יידן אין די קעפּ.

אין אַ זונטיק באַלד כאור האָבן זיך ר׳ פּייוויש און ר׳ לייבוש געפּע־דערט און אַרויסגעגאַנגען מחוץ לכעלם.

קיין סך מיטצונעמען אויפן וועג האָבן זיי נישט געהאַט. איעדער איי־נער פון זיי האָט געטראָגן אַ זעקל און אַ שטעקל. אין וועלכער זייט פון דער וועלט עס ליגט דאָס יעקע־לאַנד פּרייסן האָבן זיי נישט געוווסט. מען דאַרף זיך עס דערפרעגן ביי די גויים אויף די וועגן. ווי אַזוי צו פרעגן באַדאַרף מען אַ כעלעמער נישט אַריינלייגן קיין פינגער אין מויל אַריין.

זיי האָבן געבלאָנדזשעט צופוס און מיט פורלעך. כדי אַדורכצולעבן דעם טאָג זענען זיי אין יידישע שטעטלעך געגאַנגען איבער די הייזער און געבעכטיקט אין אַלערליי הקדשים. ווי לאַנג זיי זענען פאַרשוואַרצט און אויסגעריסן געוואָרן אויפן וועג קיין פּרייסן — פון דעם שרייבט נישט דער כעלעמער פּינקס.

מיר וויסן נאָר, אַז נאָך לאַנגע בלאָנדזשענישן און גלגולים האָבן ר׳ פּייוויש און ר׳ לייבוש געגנבעט די גרענעץ און זענען בשלום געקומען אין ערשטן שטעטל אַריין, וווּ עס הייבט זיך אָן די ממשלה פון יעקישן קיסר.

# קאַפּיטל דריי

דער שכל איז מחייב, אַז מיר האָבן געטראָפן מיטן רעכטן פוס.

ר׳ פּיזוויש און ר׳ לייבוש האָבן נאָר אַ קוק געטון אויפן יעקישן שטעטל און האָבן באַלד געזען, אַז זיי געפינען זיך אין דער וועלט פון די נאַראָנים. די יעקישע הייזלעך זענען אויסגעפוצט און אויסגעשלייערט ווי כלות צו דער חופּה. מען האָט באַלד געזען, אַז סיי ביי די בעלי־חיים און סיי ביים שטומען דומם פעלט דאָ די רעכטע קלעפּקע. מיט די רויטע דעכער זייערע קוקן די יעקישע הייזלעך אויס ווי נאַרישע אינדיקעס. — און אפילו יידן לייגן דאָרט אַריין די קעפּ אין גערטלעך און אין בלומען.

אַ שיינער שפּרונג צו כעלם און צו פּוילן!

דערנאָך האָבן ר׳ לייבוש און ר׳ פּיזוויש געזען, אַז דאָס לשון וואָס די יעקעס רעדן איז נישט יידיש און נישט גויאיש. מכלומרשט פאַרשטייט מען עס יאָ און מכלומרשט פאַרשטייט מען עס ניט. עס איז נאָך אַן ערגער לשון ווי עס רעדן די ליטוואַקעס. די ליטוואַקעס רעדן מיט קמצן און די דייטשן מיט — פּתחן.

— ר׳ פּיזוויש לעבן — האָט ר׳ לייבוש געזאָגט — זייט בשמחה. מיר האָבן אַריינגעטראָפן מיטן רעכטן פוס. דער שכל איז מחייב, אַז צוויי כעלעמער יידן צווישן אַ שטאָט מיט נאַראָנים דאַרפן שווימען אין גאָלד. מירצעשעם, ווען מיר וועלן עס דערלעבן, וועלן מיר די יעקעס אָנטון אַ ספּאָדיק, אַז זיי וועלן עס האָבן צו געדענקען. מיר וועלן טאָפּטשען אין דעם אמתן „ויהי אור״.

# קאַפּיטל פיר

אַנדערש טראַכט זיך און אַנדערש מאַכט זיך

עס מאַכט זיך נישט אַזוי לייכט ווי עס טראַכט זיך. צו וואָס ר׳ לייבוש און ר׳ פּיווויש האָבן זיך נישט געזאָלט נעמען אין יעקישן שטעטל — איז זיי געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ: נאָך ערגער ווי אין כעלם. אין פּוילן, באין ברירה, גייט מען איבער די הייזער. די יעקעס וויסן גאָרנישט וואָס עס הייסט אַזוינס, אַז אַ ייד אָרעמאַן זאָל גיין איבער די הייזער. זיי זאָגן עפּעס מיט פּתחן און פאַרהאַקן אים די טיר פאַר דער נאָז. עס ברענט אין זיי די רוגזה, הלמאי אַ ייד אַן אָרעמאַן בעט אַ נדבה.

# קאַפּיטל פינף

די זיבן פעטע קי קריכן אַרויס פון וואַסער

בקיצור, די צוויי כעלעמער חכמים האָבן זיך אין דער נאַרישער שטאָט אַרומגעדרייט אין אַ מעמד, אַז עס איז בעסער נישט צו דערציילן. זיי האָבן געהונגערט און געשלונגען שפּייעכץ. וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן? ס׳איז דערגאַנגען אָט־אָט צו כלות הנפש.

ווען עס האָט שוין געהאַלטן ביי כלו כל הקצין האָט ר׳ לייבוש געזאָגט צו ר׳ פּיוויש:

— דער ערגסטער חכם איז נאָך אַלץ בעסער ווי דער בעסטער נאַר. אַ נאַר איז שטאַרקער פון אייזן, און אַז ער פאַרעקשנט זיך און וויל זיך נישט לאָזן אָנטון קיין ספּאָדיק, קאָן גאַנץ כעלם צוזאַמען עס ביי אים נישט פּועלן. אַז אַ נאַר זאָגט: ניין, — איז עס ווי אַ מויער.

ר׳ לייבוש און ר׳ פּיוויש האָבן אַריינגעקוקט אין די פענצטער פון אַלערליי קראָמען אין דער פרייסישער שטאָט און געזען, אַז די דייטשן פעלט נישט פון פויגל־מילך, נאָר זיי אַליין, די כעלעמער חכמים, זענען נעבעך טויט־הונגעריק. און וואָס וועט זיין ווייטער? מיט די נאַרישע יעקעס איז גאָרנישט צו מאַכן.

אַזוי זענען זיי זיך בײדע געגאַנגען און געשמועסט און געווײנטלעך אויסגערעדט אויף דער וועלט אָסור לדבר.

זיי זענען זיך פאַרגאַנגען הינטערן שטאָט. די פרייסישע פעלדער זענען געלעגן אויסגעווירעטע און אויסגעפּוצטע. די טאָפּאָל־ביימער פאַזע דעם וועג, ווו די צוויי כעלעמער יידן זענען געגאַנגען, זענען געשטאַנען שטייפע און גלייכע ווי די זעלנער. ר׳ לייבוש און ר׳ פּיוויש זענען געגאַנגען. הגם זיי זענען געווען טויט־הונגעריק פונדעסטוועגן האָבן זיי געלאַכט פון דעם יענקישן אינדרויסן און געזאָגט אויף אים גלייכווערטלעך.

פּלוצים זענען זיי צוגעקומען צו אַ טייכל.

דאָס טייכל איז שטיל געפלאָסן דורך אַ לאָנקע. עס איז געווען קלאָר און דורכזיכטיק ווי מען וואָלט עס געוואָלט אַדורכגעזיפּט. מען האָט געזען די

שטיינדלעך אויפן אָפּגרונט. קלײנע פּישעלעך האָבן זיך געשפּילט אין די ליכטיקע זון־פלעקן וואָס זענען געלעגן אויפן וואַסער־שפּיגל.

ר׳ פּיוויש און ר׳ לייביש האָבן אַריינגעקוקט אין טייכל.

פונעם קלאָרן וואַסער־שפּיגל האָבן צו זיי צוריק אַרויסגעקוקט צוויי כעלעמער יידן.

מן־הסתם האָט ר׳ לייבוש זינט זיין לעבן נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַריינגעקוקט אין שפּיגל. זעט זיך אויס, ער האָט אַליין נישט געוווסט, אַז ער האָט אַזאַ לאַנגע רבנישע באָרד.

— ר׳ פּיוויש! — האָט ר׳ לייבוש אַ געשריי געטון און צוזאַמענגע־פּאַטשט בײדע הענט, — עס איז געקומען אַ סוף צו די זיבן הונגעריקע יאָר. פון וואַסער קריכן צו אונדז אַרויס די זיבן זאַטע קי. אמת, מיר זענען קלוגע, מיר האָבן אָבער געטון אַ גרויס נאַרישקייט דערמיט, וואָס מיר האָבן געקוקט די נאַראָנים אין פּנים אַריין און דאָרט געזוכט די גליקן. דאָס פּנים פון אַ נאַר זאָגט גאָרנישט. זענען מיר געגאַנגען און געקוקט אין וואַסער אַריין — און דאָס שטומע וואַסער האָט געזאָגט דאָס וואָס מיר באַדאַרפן. קוקט, ר׳ פּיוויש לעבן — האָט ר׳ לייבוש געזאָגט און געוויזן מיט אַ פינגער אויף די צוויי כעלעמער אָרעמעלייט וואָס האָבן אַרויסגע־קוקט פונעם וואַסער־שפּיגל.

ר׳ פּיוויש האָט געקוקט ר׳ לייבושן אין מויל אַריין.

ר׳ לייבוש האָט געזאָגט מיט גרויס שמחה:

— טוט זיין מוחל אַ קוק, ר׳ פּיוויש, אויף מיין באָרד קיין עין־הרע. איך קוק אויס ווי אַ סופר־סת״ם מלידה ומבטן, אַ סופר פון ששת ימי־בראשית. אַ סופר בן סופר. ר׳ פּיוויש, קוקט אייך אָן אין וואַסער! איר האָט דווקא אַ קליין שיטער בערדעלע! נאָר עס שיט דערפון אויך מיט גאָלד, מחמת איר קוקט אויס ווי אַ משמש פון ששת ימי־בראשית. די מאַמע אייערע האָט אייך פון איר בויך אַרויסגעלאָזט אַ פאַרטיקן משמש. די יעקישע יידן פאַרשטייען נישט ווי פשוטע אָרעמעלייט גייען איבער די הייזער. וועלן מיר גיין איבער די הייזער ווי אַ סופר סת״ם און זיין משמש. כלומרשט וועט עס הייסן, אַז דער רב האָט אונדז געשיקט נאָכצוקוקן די מזוזות. ר׳ פּיוויש, זייט בשמחה! מיר האָבן אַריינגעטראָפן אין דעם ויהי אור.

# קאַפּיטל זעקס

ר׳ לייבוש און ר׳ פּיוויש שווימען אין גאָלד

כך הוה. די צוויי כעלעמער חכמים האָבן ערגעץ פאָטשאַפּעט אַ קעסטל מיט טשוועקעס און מיט אַ העמערל. ר׳ לייבוש האָט ר׳ פּיווישן גע־הייסן טראָגן דאָס קעסטל און גיין הינטער אים ווי אַ משמש.

מיט גרויס ירגזון האָבן זיי אָנגעקלאַפּט ביי דער ערשטער טיר פון אַ יעקישן ייד.

דער ייד, אַ הויכער און אַ דאַרער, מיט אַ זיידן יאַרמעלקעלע אויפן קאָפּ און מיט אַ קורץ געשוירן בערדל, האָט געעפנט די טיר. ער האָט מיט פיל גאווה אָנגעקוקט די צוויי אָרעמע פוילישע יידן וואָס איינער פון זיי האַלט זיך ביי דער לאַנגער באָרד, און דער צווייטער שטייט הינטער אים און טראָגט אַ קעסטל אונטערן אָרעם.

— וואַס וואָלען זי? — האָט דער יעקישער יאַהודי געפרעגט און גע־וואָלט צוקלאַפּן די טיר פאַר דער נאָז פון די כעלעמער.

ר׳ לייבוש האָט זיך געשטופּט פאָראויס, ער האָט אַ שאָקל געטון מיט דער לאַנגער באָרד און געענטפערט מיט אַ ירגזונדיקן ניגון:

— דער ראַבינער האָט מיך אַהערגעשיקט צו אינען נאַכקוקן די „מע־זוזע".

דערהערט ראַבינער און „מעזוזע" האָט זיך דער יעקע באַלד געביטן. אַ יעקע פרעגט נישט קיין קשיות. אויב דער ראַבינער שיקט בודק צו זיין די מזוזה, איז דאָך נישט שייך.

מיט האָפערדיקייט, כלומרשט האָט ער קיין צייט נישט, איז ר׳ ליי־בוש געגאַנגען פאָראויס. ר׳ פּיוויש איז אים נאָכגעגאַנגען מיטן קעסטל. הינטער זיי איז געגאַנגען דער יעקע.

ביי דער טיר האָט ר׳ לייבוש געזעגנט צו ר׳ פּייוויש אויף לשון־קודש, און אים געהייסן אָפּקלאַפּן די מזוזה. ר׳ פּייוויש האָט די מזוזה אַראָפּגעריסן פון דער טיר און זי דערלאַנגט ר׳ לייבושן. ר׳ לייבוש האָט אָנגעטון די שפּאַקולן, אויפגעוויקלט דעם פּאַרמעט, געלייענט און עפּעס געברומט אונטער דער נאָז. שפּעטער האָט ער אַ געשריי געטון צו ר׳ פּייווישן, אַז דער יעקע זאָל הערן:

— כשר. און קלאַפּן זי צוריק אָן די „מעזוזע", זי, מיין דינער פּייווקע!

***

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען ווען מיר דערציילן ווי אַזוי די כעלע־מער האָבן די דייטשן אָנגעטון דעם ספּאָדיק. די דייטשן האָט מען אַריינ־גענאַרט אין זאַק. די כעלעמער איז געגאַנגען מיטן קנאַק.

## קאַפּיטל זיבן

ר׳ פּיוויש זעט זילבער

ר׳ לייבוש האָט געזאָגט צום יאַהודי, אַז בפּקודת הראַבינער טאָר ער פאר בודק זיין די מזוזה ניט נעמען אַ גראָשן ווייניקער ווי פינף דייטשע מאַרק כסף טהור. ווייניקער, האָט דער ראַבינער געזאָגט, איז דאָס אייגענע ווי עסן חזיר. דער יאַהודי האָט געהערט אַזאַ שטרענגקייט, — אַ יעקע איז געווינט צו פאָלגן וואָס מען הייסט, — האָט ער אַרויסגענומען אַ גרויסן זילבערנעם פינף־מאַרק־שטיק, עס דערלאַנגט ר׳ לייבושן און נאָך צוגע־זאָגט אַ שיינעם דאַנק. ר׳ פּיוויש האָט דערזען ווי עס בליצט אַ שטיק זילבער אין ר׳ לייבושעס האַנט, איז ער שיעור נישט געפאַלן אין חלשות. אַזאַ חתיכה זילבער האָט ער נאָך נישט געהאַט געזען אין דער האַנט פון אַן אָרעמאַן. ר׳ לייבוש האָט געמאַכט אַ מינע גלייך ער וואָלט דעם דייטשן יאַהודי דערמיט געטון די גרעסטע טובה. ער האָט געטון אַ קוש דער צו־געקלאַפּטער מזוזה און איז אַרויס אַ בייזער פון דער שטוב, ווי עס וואָלט אים נאָך געקומען אַ רעשט צו צאָלן.

אינדרויסן האָט ר׳ לייבוש געוויזן ר׳ פּיווישן די גרויסע זילבערנע מטבע און געזאָגט:

—ויהי אור! מיר האָבן אַריינגעטראָפן מיטן רעכטן פוס אין די זיבן גוטע יאָר.

## קאַפּיטל אַכט

די „פּאָלנישע שווינדלער"

עס איז געגאַנגען ווי אַ מזמור. די צוויי כעלעמער האָבן אויסגעטראַכט אַ נייעם אופן פון גיין איבער די הייזער. זיי האָבן נישט גענומען קיין גראָשנס נייערט שטיקער זילבער. ר' פּייוויש האָט זיך גאָרנישט געקאָנט געגוג אויסחדושן פון ר' לייבושעס חכמה און האָט זיך געהאַלטן קעגן אים נידעריקער ווי גראָז.

כלומרשט על פּי שליחות פון ראַבינער, האָבן זיי אַזוי בודק געווען אַלערליי מזוזות. די יעקעס האָבן געגעבן געלט און האָבן נישט געפרעגט קיין קשיות. ביי ר' לייבושן און ביי ר' פּייווישן הינטער די כעלעמער יידישע קאַפּאָטעס האָבן, קיין עין־הרע, אָנגעהויבן צו וואַקסן די בייכלעך. זיי האָבן געגעסן און געטרונקען און געלאַכט ווי די יעקעס לאָזן זיך אָנטון דעם ספּאָדיק.

קיין סך אַרבעט האָבן זיי נישט געהאַט. די פּרנסה איז געווען גרינג ווי אַ זומער־פויגעלע און איז ממש פון זיך אַליין געפלויגן אין מויל אַריין. מען איז געגאַנגען איבער אַ צוויי־דריי הייזער אַ טאָג. פון דעם אַליין האָט שוין גערעגנט די שפע.

ויהי היום — מאַכט זיך אַ מעשה.

ר' לייבוש האָט אָנגעקלאַפּט מיטן גרויסן ירגזון ביי אַ טיר. הינטער אים איז געשטאַנען ר' פּייוויש מיטן קעסטעלע. ווי דער שטייגער איז — האָט זיך די טיר געעפנט. עס האָט זיך, ווי דער שטייגער איז, באַוויזן אַ יאַהודי אין אַ זיידן יאַרמעלקעלע.

— דער ראַבינער האָט אונדז אַהערגעשיקט נאָכצושויען די „מעזוזע", — האָט זיך ר' לייבוש געבייזערט אויף דייטש און געשטופּט זיך פּאָראויס.



„ר׳ פייוויש האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אויסחידושן
פון ר׳ לייבושעס חכמה“

איידער וואָס און ווען שטייט שוין ר׳ פּיוויש ביי דער טיר און רייסט אַראָפּ די מזוזה.

עס האָט זיך אויסגעלאָזט: דער יאַהודי מיטן זיידן יאַרמעלקעלע איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי דער ראַבינער אַליין. אַ דייטש ווייסט נישט פון קיין קונצן. ער לויפט העגדום־פּענדום אַרויס אויף דער גאַס און וויל אַריינרופן אַ פּאָליציאַנט, כדי צו פאַרהאַלטן די „פּאָלנישע שווינדלער" און זיי אַוועקצופירן אין תפיסה.

ר׳ לייבוש איז געווען אַ פּיפּיקער ייד. ביי אַלע גליקן האָט ער געהאַט דעם קאָפּ אויף דער רעכטער זייט. ער האָט זיך באַלד געכאַפּט אויפן טעות. איידער דער ראַבינער האָט זיך אויסגעגראַבלט, האָט ר׳ לייבוש זיך אָפּגעטראָגן באַצייטנס.

ר׳ פּיוויש, אָבער, איז געווען אַ שטיקל תם. דער שכל איז אים פאַרמעלעכל, פאַמעלעכל געקראָכן איבערן קאָפּ.. ער איז נישט געווען אַזוי פּיפּיק צו האָבן אומעטום די אויגן. דערפאַר האָט ער געהאַט אַ טבע צו טון זיין אַרבעט בשלמות. מיט גרויס כוונה האָט ער אַרונטערגעריסן די מזוזה פון דער טיר. ער האָט זיך געוואָלט אויסדרייען צו ר׳ לייבושן, דערלאַנגען אים די מזוזה און זאָגן אויף יעקיש:

— נאַט אייך, ר׳ לייבוש, די „מעזוזע" און זייען זי בודק!

# קאַפּיטל ניין

ר׳ לייבוש גייט איינגעהילט אין אַ טערקישן טלית און טראָגט אַ גאָלדן שטריימל.

אנשטאָט ר׳ לייבושעס שיינער באָרד האָט ר׳ פּיזויש פאַר זיך געזען אַ היכן אָנגעפּרעסענעם גוי. אַ גוי מיט אַ מעשענע קאַסקע אויפן קאָפּ און מיט אַ שווערד אויף די לענדן.

תחילת האָט זיך ר׳ פּיזויש שטאַרק געחדושט: אויפן אָרט פון מרדכי הצדיק שטייט גאָר המן הרשע? באַלד האָט ער פאַרלוירן דאָס לשון. ער איז ערשט געקומען צו זיך ווען ער האָט געזען די עלטער־באָבע פאַר די אויגן, דאָס הייסט, ווען ער האָט פון דעם אָנגעפּרעסענעם גוי מיט דער מעשענער קאַסקע געכאַפּט דעם ערשטן פּאַטש.

דער פּאַטש איז געווען בלויז האַנט־געלט. דער גוי האָט ר׳ פּיזוישן אָנגענומען פאַרן קאָלנער און אים געשלעפּט אין דער פּאָליציי. דאָרט האָט מען ר׳ פּיזוישן נאָך אַמאָל געוויזן וואָס עשוס הענט קאָנען אַוועק־טון מיט אַ כעלעמער יעקב. שפּעטער האָט מען אים אַ צעהרגטן אַריינגע־וואָרפן אין אַ פינצטערן קעלער. ר׳ פּיזויש איז דאָרט געלעגן אויף אַ בינטל צעפוילטן שטרוי, געקרעכצט און געאָכצעט. ער איז פּאַמעלעכל אַנטשלאָפן געוואָרן. אין שלאָף האָט ער געהאַט זייער אַ שיינעם חלום. היינו: ער קומט צופאָרן אויפן כעלעמער מאַרק מיט אַ פור מזוזות. דאָרט שטייט ר׳ לייבוש איינגעהילט אין אַ שיינעם טערקישן טלית און מיט אַ גאָלדן שטריימל אויפן קאָפּ. ער, ר׳ לייבוש, גייט צו אים צו, דערלאַנגט אים שלום־עליכם און רעדט האַלב אויף יעקיש און האַלב אויף לשון־קודש. אין חלום האָט זיך ר׳ פּיזויש שטאַרק דערפרייט וואָס ער זעט ר׳ לייבושן און האָט אים שטאַרק געדריקט די האַנט. ער האָט געדריקט און געדריקט, און זיך פּלוצעם אויפגעכאַפּט אין דער פינצטערניש פון דער תפיסה. אַנשטאָט ר׳ לייבושעס האַנט האָט ער געהאַלטן צווישן די פינגער אַ צעקוועטשטע מויז.

# קאַפּיטל צען

## ר׳ פּיווּיש איז נעבעך הונגעריק

די דייטשן האָבן נישט ליב צו האַלטן קיין קעסט־קינדער. ר׳ פּיווּיש האָט ביי זיי טאַקע געקראָגן נישט מער ווי אַ ביסל וואַסער און אַ שטיקל אַלט פאַרשימלט ברויט. און דאָס איז אויך פאַר זיי געווען צופיל. דייטשן זענען גרויסע קמצנים, האָבן זיי דעם געפאַנגענעם אַ טויט־הונגעריקן אַרויסגעלאָזט אויף דער ליכטיקייט. זיי זענען ביי זיך געווען זיכער: ר׳ פּיווּיש וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן נישט אָפּצוררייסן קיין מזוזות ביי פרעמדע טירן.

באַלד ווי ר׳ פּיווּיש איז נאָר אַרויסגעקומען אויפן אינדרויסן און האָט זיך אויסגעטשוכעט אויף דער זון, האָט ער געהערט ווי מען רופט אים:

— ר׳ פּיווּיש! — האָט ער געהערט דאָס באַקאַנטע קול פון ר׳ לייבוש. דאָס קול האָט גערופן זייער, זייער שטיל.

ר׳ פּיווּיש האָט זיך אומגעקוקט און געזען: ר׳ לייבוש שטייט הינטער אַ וואַנט און האַלט אַ פינגער אויפן מויל. ער ווייזט אים, ר׳ פּיווּישן, אַז ער זאָל אים נאָכגיין.

ר׳ לייבוש איז געגאַנגען פאָראויס. אַלע מאָל האָט ער זיך באַהאַלטן הינטער אַ טויער. ר׳ פּיווּיש איז נאָכגעגאַנגען אַ הונגעריקער און מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. זיי זענען געגאַנגען און געגאַנגען ביז זיי זענען געקומען הינטערן שטאָט צו דעם נעמלעכן טייכל פון וועלכן עס זענען צום ערשטן מאָל אַרויסגעקראָכן די זיבן פעטע קי און מבשר געווען די כעלעמער יידן, אַז עס גייען די זיבן גוטע יאָר.

## קאַפּיטל עלף

### די דריי שטערן פון מוצאי־שבת

ר׳ לייבוש און ר׳ פּיוויש האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים טייכל און האָבן אַריינגעקוקט אינעם קלאָרן וואַסער. ווידער האָבן פון דאָרט אַרויס־געקוקט צוויי כּעלעמער חכמים. איינער איז געזעסן אַ מרה־שחורהדיקער און אַ הונגעריקער. דער צווייטער איז אויך נישט געווען אין גרויס שמחה. איינער האָט דעם אַנדערן גאָרנישט געהאַט וואָס צו פרעגן און גאָרנישט וואָס צו דערציילן. די צוויי יידן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון וואַסער האָבן שוין געווען גענוג דערציילט.

אַ שווייגנדיקער האָט ר׳ לייבוש אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ ברייטל און אַ דאַרן הערינג. ר׳ פּיוויש האָט זיך געוואַשן די הענט אין טייכל, געזאָגט „שאו־ידיכם״ און אָנגעהויבן צו עסן.

דער ר׳ פּיוויש וואָס אויפן וואַסער איז אויך געזעסן מיט אַן אַראָפּ־געלאָזענעם קאָפּ און געקייט אַ ברייטל.

נאָכדעם ווי ר׳ פּיוויש האָט אָפּגעגעסן, און אָפּגעשאָקלט פון זיך די קרישקעלעך, האָט צו אים ר׳ לייבוש געזאָגט:

— אַ כּעלעמער ייד טאָר נישט זיין אין עצבות. דער כוח פון אַ ייד, און דערצו נאָך פון אַ כּעלעמער ייד, איז נייערט דער בטחון. מער האָט ער נישט. מיט בטחון האָבן יידן געשפּאָלטן דעם ים און זענען אַדורך אין דער טריקעניש. ר׳ פּיוויש, זאָרגט זיך נישט! די זיבן גוטע יאָר האָבן זיך מן־הסתם נישט אויסגעלאָזט. מן־הסתם זענען זיי דערווייל אַוועקגע־פאָרן פון דעם דאָזיקן יעקישן שטעטל און וואַרטן אויף אונדז ערגעץ מיט נייע גאָלדענע גליקן. בין כך ובין כך מוזן מיר, ר׳ פּיוויש לעבן, זיצן דאָ ביים וואַסער ביז אויפן הימל וועלן אויפגיין די דריי שטערן פון מוצאי־שבת. שפּעטער וועלן מיר עוקר־זיין אין דער פינצטערניש.

כך הוה. עס זענען אויפגעגאַנגען די דריי שטערן פון מוצאי־שבת און עס איז געוואָרן שטאָק־פינצטער. ר׳ לייבוש און ר׳ פּיוויש האָבן עוקר געווען פון יעקישן שטעטל.

## קאַפּיטל צוועלף

אויף יענער זייט דעם טייך סמבטיון

די מעשה איז געשען אין דער מדינת פּרייסן, דערימעך האָט אין כעלע־מער פּינקס נישט געקאָנט זיין אַלצדינג פאַרשריבן וואָס עס איז אין צווישן אויפן וועג געשען מיט די צוויי כעלעמער חכמים.

לאָמיר ווייטער מישן דעם פּינקס.

מיר געפינען דאָרט ר׳ לייבושן און ר׳ פּיוואישן אין אַ גרויסער פּריי־סישער שטאָט. ווי האָט די שטאָט געהייסן? לאָמיר זיך נוהג זיין ווי די אַמאָליקע ראָמאַניסטן און די דאָזיקע שטאָט אָנרופן מיט אַ ראשי־תיבות. לאָמיר זאָגן: זי האָט געהייסן גימל.

ווען נישט וואָס די צוויי כעלעמער האָבן געזען — אז ווו מען ווענדט זיך און מען קערט זיך אין דער שטאָט גימל — טרעפט מען רק דייטשן אין קורצע רעקלעך און אין קאַפּעלושן, ווי אויך א סך גויים און גלוחים — וואָלטן זיי זיכער געווען געמיינט: אין חלום זענען זיי אַרי־בערגעטראָגן געוואָרן איבער דעם טייך סמבטיון. זיי געפינען זיך איצט בארץ הרויטע יידעלעך. ר׳ לייבוש און ר׳ פּיוויש וואָלטן זיך עס קיינמאָל נישט צוגעגלויבט: אין אַ שטאָט זאָלן זיין אַזעלכע גרויסע שטאָקיקע היי־זער. די פענצטער פון די קראָמען קוקן אויס ווי באַשיימפּערלעכע גן־עדן התחתונס. פול מיט שפע, מיט אַלערליי גלוסטיקע פּירות און אַנדערע מעדני עולם־הזה. עס קוקט דאָך עפּעס אויס אין די קראָם־פענצטער ווי אין חצרות המלכים! אין די גאַסן פאָרן קאָטשן און קאַרעטעס. די נקבות זענען סאַמע יפיפיות, אויסגעפּוצטע מיט בענדער און מיט שפּיצן און מיט אַ סך לאָקן.

— אַלצדינג קוקט דאָ ממש אויס ווי אויף יענער זייט סמבטיון — האָט ר׳ לייבוש געזאָגט צו ר׳ פּיווישן, — נייערט רויטע יידעלעך וואָלטן

געווען געגאַנגען אין שטריימלעך און אין אַטלאַסענע זשיפּיצעס און וואָלטן געווען געטראָגן גרויסע בערד און לאַנגע פּיאות. אין דעם דאָזיקן שושן הבירה זעט מען נישט קיין סימן פון יידישקייט. ס׳איז כולו יעקע!

— און אויב יעקע? — האָט ר׳ פּייוויש געפרעגט.

— אויב יעקע, מוז מען אים אָנטון דעם ספּאָדיק — האָט ר׳ לייבוש געענטפערט — אָנגענומען ר׳ פּייווישן פאַרן אַרבל און ווידער געגאַנגען מיט אים זוכן די זיבן גוטע יאָר.

# קאַפּיטל דרייצן

גאָלדענע גליקן אין דער שטאָט גימל.

אַנדערש טראַכט זיך און אַנדערש מאַכט זיך.
משמעות, האָבן די זיבן גוטע יאָר זיך פאַרבלאָנדזשעט אויפן וועג.
אַהער זענען גאָר געקומען די זיבן הונגעריקע יאָר.

ווידער האָט עס מיט די צוויי כעלעמער חכמים געהאלטן ביי כלות הנפש. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דער שטאָט גימל און געשלונגען, לא עלינו, שפּייעכץ.

— מאַכט זיך אַ מעשה

ר׳ לייבושן האָט שוין גוט געמוזט קוועטשן אונטערן לעפּעלע. פאַר קיין שום ייד געדאַכט, האָט ער אָנגעהויבן צו שפּירן ווי אין מיטן דער ליכטי־קער וועלט ווערט אים פאַר די אויגן חושך מצרים. עפּעס איז אים ווי אַ חלוש צו נעילה. ער האָט נישט געוווּסט: צי איז עס נאָר סתם אַ האַרץ־חלשות, צי האַלט עס טאַקע מיט אים ביים אויסשפּייען, און אַז אינמיטן דער גאַס וועט ער אָפּגעבן די נשמה און איבערלאָזן ר׳ פּייווישן אַ קיילעכ־דיקן יתום?

ר׳ לייבושן איז געוועזן צו פינצטער אין קאָפּ, כדי זיך אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע פילֺיסיפישע מחשבות. ער איז אַנידערגעפאַלן אינמיטן דער גאַס.

ר׳ לייבוש איז געבליבן שטיין נעבן אים ווי אַ לעמעשקע.

משמעות: אויף אַ ייד, וואָס שטייט נאָך אויף די פיס, האָבן די יעקעס נישט קיין רחמנות. זיי לאָזן זיך פון אים נישט אָנטון קיין ספּאָדיק. טאָמער, חלילה, ליגט אַ ייד אויף דער ערד אינמיטן דער גאַס — פאַרדרייען זיך ביי זיי די הערצער צום גוטן. די יעקעס דערמאָנען זיך דעמאָלט, אַז די וועלט איז נישט הפקר.

כך הוה.

אַרום דעם ליגנדיקן ר׳ לייבושן האָט זיך געזאַמלט וואָס אַמאָל אַ גרעסערער עולם. ר׳ פּיווויש איז געשטאַנען ווי אַ תם און האָט אַלעמען אָנגעקוקט. פלוצים זעט ר׳ פּיוויש: פון אַלע זייטן שטעקט מען אים אין דער האַנט אַריין קליינע מטבעות.

אינמיטן דעם חושך־מצרים האָט זיך געעפנט אַ שפּאַלט אין הימל און עס האָט גערעגנט מיט גאָלד.

***

אין די ווייטערע קאַפּיטלען וועלן מיר זען, אַז פאַרוואָר, איז ר׳ לייבוש געווען גערעכט. עס האָבן זיך פונדאָסניי באַוויזן די זיבן גוטע יאָר.

# קאַפּיטל פּערצן

אין חלום און אויף דער וואָר אין דער שטאָט גימל

דער כעלעמער פּינקס שרייבט נישט ווי לאַנג ר׳ לייבוש איז אַזוי געלעגן אין דער הינער־פּלעט פון חלשות. מיר ווייסן אויך נישט ווי לאַנג עס האָט גערעגנט דער רעגן פון קליינע מטבעות ר׳ פּיוויש אין דער האַנט אַריין. די שטאָט גימל אין דער מדינה פּרייסן איז נישט כעלם. מיר קענען דאָרט נישט געוויר ווערן יעדעס פּיצעלע און יעדן פּרט.

מיר וועלן בעסער אַ מיש טון נאָך עטלעכע בלעטער פון פּינקס און וועלן זיך דערוויסן, וואָס עס איז געשען ווייטער.

אַלצדינג אויף דער וועלט האָט אַ סוף. אויך חלשן קאָן מען נישט אייביק. דער זינדיקער גוף דערמאָנט זיך, אז ער האָט נאָך נישט געזאָגט ווידוי. חוץ דעם איז ער, דער זינדיקער גוף, טשיקאַווע נאָכאמאָל אַ קוק צו טון אויפן נאַרישן עולם־הדמיון.

תחילת האָט ר׳ לייבוש געעפנט נאָר איין אויג. און געעפנט האָט ער עס נאָר אויף דער העלפט. מיט אַ האַלבע אויג האָט ער אָבער פּלוצלינג דערזען עפּעס אַזוינס וואָס ער וואָלט זיכער נישט געגלויבט זיינע צוויי אָפענע אויגן. ער האָט געזען ווי ר׳ פּיוויש האַלט צוויי זשמעניעס מיט געלט.

תחילת האָט ר׳ לייבוש געמיינט אַז ער ליגט נאָך אין חלשות, און האָט נייערט אַ שיינעם כעלעמער חלום. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אומ־מעגלעך אַז עס זאָל טאַקע זיין אַ בהקיץ אין דער שטאָט גימל. סיידן די וועלט האָט זיך געשפּאָלטן אויף צוויי און זי שיט מיט נסים ווי אַ לעכער־דיקער זאַק. ס׳טייטש? — האָט ר׳ לייבוש געטראַכט נאָך אַ האַלב פאַר־הלשטער — ר׳ פּיוויש שטייט איינער אַליין אינמיטן דעם יעקישן סדום וואָס רופט זיך גימל — און עס שיטן זיך אויף אים די פינף און זיבעציק טויזנט?

ר׳ לייבוש האָט געעפנט דאָס צווייטע האַלבע אויג. פאַמעלעכל האָט ער געעפנט דאָס אַנדערע אויג. ער האָט אַלץ געוואָלט וויסן, צי דאָס וואָס ער זעט אין כלומרשטן בהקיץ איז נישט אַמאָל פרעהס חלום?

ער האָט זיך אַ ביס געטון אויף די צונג. דאָ האָט ער ענדלעך דער־זען, אַז ער איז וואַך. וואָס זיינע אויגן ווייזן אים איז הונדערט פּראָצענט וואָר. ר׳ פּיוויש שטייט ווי אַ תם און האַלט צוויי זשמעניעס מיט געלט.

ר׳ לייבוש האָט אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי די כוחות האָבן זיך צו אים צוריקגעקערט — וואָרום אָט איז ער שוין געשטאַנען אויף בײדע פיס, און אינמיטן דער גאַס פון דער שטאָט גימל האָט ער אַ געשריי געטון צו ר׳ פּיווישן:

— ר׳ פּיוויש לעבן, וואָס זע איך?

ר׳ פּיוויש האָט זיך זייער דערפרייט ווען ער האָט געזען ווי ר׳ ליי־בוש איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים. ער האָט אים אָקעגן געשטרעקט בײדע זשמעניעס מיט געלט, און האָט מיט גרויס תמימות דערציילט וואָס עס איז געשען מיט אים, ר׳ פּיווישן, אין דער שטאָט גימל, בעת ר׳ ליי־בוש איז, נישט פאַר קיין שום ייד געדאַכט, געלעגן אין די הינער־פּלעט.

# קאַפּיטל פופצן

עס עפענען זיך די טויערן פון רחמים

דאָ האָט ר׳ לייבוש באַשיימפּערלעך געזען ווי די זיבן גוטע יאָר האָבן געפונען דעם וועג און פאַרקירעוועט דעם דישל צו דער שטאָט גימל. נאָכדעם ווי ר׳ לייבוש האָט איבערגעציילט דאָס געלט און עס אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע, האָט ער געזאָגט צו ר׳ פּיוּווישן:

— וויפל אַ כּעלעמער זאָל נישט זיין אָנגעפּיקעוועט מיט חכמה, בלייבט ער נאָך אַלץ אַ נאַר ווען מען ווייזט אים נישט אַ פינגער מן־השמים.

מחמת ביי ר׳ פּיוּווישן אין קאָפּ איז דער שכל געקראָכן גאָר־גאָר פּאַמעלעכל, האָט ער נישט פאַרשטאַנען ר׳ לייבושעס מיין. ר׳ פּיוּוויש האָט זיך געקראַצט אונטער דער פּאה און געפרעגט: דהיינו?

— דהיינו? האָט ר׳ לייבוש געזאָגט שאַרף און האָפּערדיק, איר זעט דען נישט, ר׳ פּיוּוויש, אַז די שטאָט גימל איז אַ גאָלד־גרוב? אומעטום ווו מען פאַלט נאָר אַוועק אין חלשות עפענען זיך ביי די יעקעס די שערי־הרחמים און די שערי־הבייטעלעך? מירצעשעם וועלן מיר גיין אויפן דרך, וואָס מען האָט אונדז געוויזן — און אין דער שטאָט גימל וועט טאַקע זיין גימל.

## קאַפּיטל זעכצן

### עס גייט ווי אַ מזמור

כך הוה. די שטאָט גימל איז געווען אַ כרך גדול ביעקע־לאַנד. אין איר האָבן נישט געפעלט קיין גאַסן און פּלעצער ווו ר׳ לייבוש האָט געקאָנט פאַלן אין חלשות. איין גאַס פון דער אַנדערער האָט נישט געוווסט „לא בשכבה ולא בקומה“. דאָס הייסט, זי האָט נישט געוווסט, אַז די מעשה מיטן חלשות חזרט זיך איבער און אַז עס איז דער אייגענער ייד וואָס פאַלט אומעטום חלשות. און עס איז אויך דער אייגענער ייד וואָס בלייבט אומעטום שטיין לעבן פאַרחלשטן ווי אַ געקוילעטע לעמעשקע. די פרייסן האָבן דערשפּירט ווי די הערצער דרייען זיך ביי זיי איבער און עס האָבן זיך געטון אַן עפן די טויערן פון רחמים.

וואָס איז דאָ אַ סך צו דערציילן? אין דעם כרך גימל איז טאַקע געווען גימל מיטן קנאַק. אומעטום אין אַלע גאַסן האָבן די כעלעמער חכמים אָנגעטון די יעקעס דעם אמתן ספּאָדיק און זענען דערביי געשווימען אין גאָלד.

פאַמעלעכל האָט ר׳ לייבוש געמאַכט פון דער גאָלדענער פּרנסה זיינער אַן אמת מייסטער־שטיק.

ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אין מיטן דער גאַס אין אַזאַ מעמד פון חלשות, היינו: ער האָט נאָך דערביי אַרויסגעשטעקט די צונג און פאַרגלייזט די אויגן, אַז אפילו אַ שטיין ווען ער וואָלט געשטאַנען און צוגעקוקט וואָלט אויך פון אים געוואָרן אַ שטיק פּוטער. דערצו האָט ר׳ לייבוש אויסגעלערנט ר׳ פייווישן נישט צו שטיין סתם אַזוי, און צו קוקן מיט די בלויזע הענט, נייערט האַלטן אין דער האַנט אַן איבערגעקערטן קאַפּעלוש. די יעקעס וואָס האָבן צוגעזען צו דעם אומגליק אין דער מיט גאַס האָבן

באַלד באַקומען מיאכקע לבבות. זיי האָבן אָנגעפילט ר׳ פּייווישעס קאַפּע־לויש כמעט ביזן ראַנד מיט מטבעות.

עס איז געגאַנגען ווי אַ מזמור וואָס אַ טאָג בעסער. ווען ר׳ לייבוש און ר׳ פּייוויש זענען אַהיים געקומען אויף דער אכסניה און איבערגעציילט די זשמעניע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען מוז קויפן אַ ביכל און פירן חשבון פון די הכנסות.

הוצאות זענען געווען כמעט ווי גאָרנישט.

# קאַפּיטל זיבעצן

אַז דער מחבר שטעלט אַ „ויהי״ איז נישט גוט

ויהי היום. אומעטום ווו דער מחבר שטעלט אַוועק אַ „ויהי״ גיט עס באַלד דעם לייענער אַ טיאָכקע פאַרן האַרצן, מחמת ער ווייסט אַז די פּוטער הויבט זיך אָן צו דרייען אויף אַראָפּ און עפּעס ווערט די שיינע מעשה נישט מיט אַלעמען.

ויהי היום — ר׳ לייבוש ליגט זיך אַזוי בכבוד גדול אין חלשות אינ־מיטן אַ גאַס פון דער שטאָט גימל. ער הערט ווי אין ר׳ פּייווישעס קאַפּע־ליוש אַריין רעגענען די מטבעות ווי אַ זומערדיקער שפּריי־רעגן. פון גרויס שימוש האָט ר׳ לייבוש זיך אויסגעלערנט: הגם ער ליגט מיטן פּופּיק קאַ־פּויער און האַלט פאַרגלייזט די אויגן גלייך ווי אָט־אָט קומט די יציאת־נשמה, פונדעסטוועגן דאַרף מען זיך נישט פאַרלאָזן בלויז אויפן בלינדן מזל. אפילו אין סאַמע בעסטן חלשן מוז מען אויך האַלטן קאָפּ און אָפּן האַלטן אַ שפּעלטעלע פון אַן אויג, כדי צו זען וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט און וואָס עס זאָגן די יעקעס. דאָס מזל איז טאַקע, אַז ווער מיר גוטס גינט פון אַ גאָלדן פערדעלע. נאָר עס איז אַ בלינד גאָלדן פערדעלע. מיר ווייסן שוין פון אונדזערע עלטער־באָבעס אַז אַ בלינד פערד קאָן אַמאָל טרעפן אין גרוב אַריין.

ווי ר׳ לייבוש ליגט אַזוי אין חלשות, האַלט קאָפּ און קוקט מיט אַ שפּעל־טעלע פון אַן אויג אויפן מזל פון דער וועלט — זיינע אויערן פאַרנעמען ווי עס פליט דאָס געלט אַריין צו ר׳ פּייווישן אין קאַפּעליוש — זעט ער פּלוצעם, ווי איינער, אַן עלטערער דייטש אָנגעטון אין אַ הויכן שוואַרצן צילינדער און מיט שפּאַקולן אויף דער נאָז, בויגט זיך צו אים אַראָפּ. וואָס בויגט זיך עפּעס דער יעקע? טראַכט ר׳ לייבוש אין סאַמע מיטן בעסטן חלשות און ער שפּירט ווי עס ווערט אים ביטער אין מויל. ר׳ לייבוש

טראַכט נישט לאַנג, מחמת ער שפּירט ווי דער דייטש אין צילינדער נעמט אים אָן פאַרן דופק.

ר׳ לייבושן האָט מען נישט באַדאַרפט אַריינשטעקן קיין פינגער אין מויל כדי אויפן אָרט צו וויסן אַז דער דאָזיקער עמלק, ימח שמו זאָל ער ווערן, איז אַ דאָקטאָר, און אַז דאָס שפּיל מיטן חלשן וועט באַלד אַרויפשווי־מען ווי בוימל אויפן וואַסער. יעקע וועט באַלד באַווייזן זיין כוח־הדם און אים, ר׳ לייבושן, נישט באַקן קיין לעקעכלעך. תוך כדי דיבור, איידער דער דייטש האָט נאָך באַוויזן צו עפענען דאָס טרפהנע פּיסק און צו שרייען צו די אַרומשטייענדיקע עמלקים, אַז סך־הכל חלשט דאָ אַ „פּאָלנישער שווינדלער" און טוט זיי אַלעמען אָן אַ ספּאָדיק — איז והילד איננו. ר׳ ליי־בוש איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס און געמאַכט דעם ויברח.

ביי ר׳ פּיוווישן אין קאָפּ איז דאָך אָבער דער שכל געקראָכן פּאַמעלעכל, פּאַמעלעכל, און ער איז נעבעך געווען אַ ייד אַ תם — האָט ער זיך נישט געכאַפּט וואָס עס טוט זיך און אַז דער פאַרחלשטער ר׳ לייבוש האָט עוקר געווען. ווי קיינמאָל גאָר נישט איז ער, ר׳ פּיווויש, אַרומגעגאַנגען מיטן איבערגעקערטן קאַפּעליוש צווישן עולם און געבעטן נדבות פאַרן מסוכנעם ייד וואָס ליגט און חלשט אינמיטן פון דער גאַס.

# קאַפּיטל אַכצן

ר׳ פּיוויש זעט די עלטער־באָבע גיטל און ר׳ לייבוש טרייסט אים

וואָס ר׳ פּיוויש האָט זוכה געווען צו זען — איז זיך דער לייענער אַליין משער. ער האָט זיך ערשט געכאַפּט אויפן גרויסן אומגליק בעת אָנשטאָט מטבעות, האָט ער פון אַלע אַרומיקע באַקומען מכות־רצח. עמלק האָט געוויזן וואָס ער קאָן. אויף ר׳ פּיווישעס קאָפּ האָט אָנגעהויבן צו האָגלען מיט פויסטן און מיט שטעקענעס. ווידער האָט ר׳ פּיוויש געזען פאַר די אויגן דעם חושך־מצרים. אינמיטן דעם חושך־מצרים איז זיין עלטער־באָבע גיטל אַרומגעגאַנגען מיט אַ גראָשנדיק ליכטל אין דער האַנט און געזוכט דעם נעכטיקן טאָג. ר׳ פּיוויש האָט אפילו אַ געשריי געטון: ר׳ לייבוש! ער עפנט די אויגן אין מיטן די קלעפּ און קוקט אויף דער ערד — נישטאָ ר׳ לייבוש. ר׳ לייבוש איז געוואָרן ווי אויסגעטריקנט, ער איז נעלם געוואָרן.

ווען ר׳ פּיוויש האָט געזען אַז ר׳ לייבוש איז נישטאָ, האָט ער געמיינט, אַז די וועלט האַלט ביים אונטערגיין. וואָרום וואָסער קיום קאָן האָבן די וועלט אָן ר׳ לייבושן? ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און געלאָזט פליען איבער זיך די קלעפּ. ער האָט געשוויגן און געטראַכט — אויב ר׳ לייבוש איז נישטאָ, איז דאָס גאַנצע לעבן נישט ווערט אַ שישקע פּולווער.

ווידער האָט ער געשפּירט ווי מען נעמט אים אָן פאַרן קאָלנער און מען פירט אים אַוועק. ער האָט געעפנט אַן אויג: עס פירט אים אַ המן הרשע אין אַ מעשענער קאַסקע און מיט אַ שווערד אויף די לענדן. ווידער האָט מען אים אַריינגעפירט צו פּאָליציע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן: אַקעגן דעם ווי מען האָט ר׳ פּיווישן מקיים־פּסק געווען אויף די בענק פון פּרייסישן מלכות של חסד, זענען די קלעפּ אויף דער גאַס געווען נישט מער ווי אַ שוואַכער אַן אַדערויף.

אָבער ר׳ פּייוויש האָט איצט כּסדר געטראַכט וועגן ר׳ לייבושן און וועגן דער וועלט, נעבעך, וואָס וועט אויסקוקן ווי אַ חוזק ווען ר׳ לייבוש איז אין איר נישטאָ. ווען ער האָט געטראַכט זיינע מחשבות וועגן ר׳ לייבושן און וועגן דער וועלט האָט דערווייל דאָס מלכות של חסד מיט אים געפירט אַ לערנען בחרבה ובקשתה.

ווי לאַנג האָט ר׳ פּייוויש געקאָנט אַזוי טראַכטן אונטער די פּויסטן פון פּרייסישן מלכות?

ער האָט ווידער געזען פאַר די אויגן ווי די עלטער־באָבע גיטל גייט אַרום מיט אַ גראַשנדיק ליכטל אין דער האַנט אינמיטן אַ גרויסער חשכות. פּלוצלינג האָט זיך ר׳ פּייווישן אויסגעדוכט: עס איז גאָר ר׳ לייבוש וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר דער עלטער־באָבע גיטל כּדי אָנצוטון די יע־קעס אַ ספּאָדיק, און ער גייט אַרום איבער דעם פינצטערן סדום וואָס הייסט גימל און זוכט דאָרט מיט אַ גראַשנדיק ליכטל אין דער האַנט די זיבן גוטע יאָר. ר׳ פּייוויש האָט געוואָלט אַ געשריי טון: ר׳ לייבוש! פּלוצלינג איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן און ער האָט פאַרלוירן אַלע זעקס חושים.

אויפגעקומען איז ער אין אַ פינצטערן קעלער אויף אַ בינטל צע־פוילטן שטרוי. ער האָט געטאַפּט מיט די הענט און דערטאַפּט אַ קאַלטן קרוג וואַסער. ר׳ פּייוויש האָט געטרונקען און ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די כּוחות קומען צו אים צוריק.

די דייטשן כּידוע האָבן נישט ליב צו האַלטן אומזיסטע קעסט־קינדער. נאָך עטלעכע טעג האָבן זיי ר׳ פּייווישן אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי. אויף הוצאות־הדרך האָבן זיי אים מיטגעגעבן אַ פּאָר פייערדיקע פּעטש. ר׳ פּיי־וויש האָט אַלצדינג מקבל געווען באהבה, אַבי ער זאָל נאָך אַמאָל זוכה זיין צו זען ר׳ לייבושן.

נישט ווייט פון דער טיר פון דער תּפיסה האָט ר׳ לייבוש אויף אים געוואַרט, געהאַלטן אַ פינגער אויפן מויל און אים געוויזן אַז אַלצדינג זאָל בלייבן אין גרויסן בסוד. שפּעטער האָט ער אים ערגעץ אַוועקגעפירט, אים געגעבן אַ טרוקן ברייטל מיט אַ דאַרן הערינג. ר׳ לייבוש האָט גערעדט דברי־תּנחומים און געזאָגט, אַז זיי זאָלן אָפּוואַרטן די דריי שטערן פון מוצאי־שבת און עוקר זיין פון דער שטאָט גימל. מירצעשעם — האָט ר׳ לייבוש געזאָגט מיט האָפערדיקייט — האָב איך אין דער קעשענע אַ

שטאָט דלת. דאָרטן וועלן זיך די יעקעס מוזן לאָזן אָנטון דעם ספּאָדיק, און איר וועט זען, ר׳ פּיוויש, ווי מיר וועלן נאָך אַרומשווימען אין גאָלד.

כך הוה. אָבער נאָכן גוטן „כך הוה" איז געקומען דער אומעטיקער „ויהי". ליבער לייענער, באַשולדיק נישט מיך און נישט די מחברים פון כעלעמער פּינקס, אַז מיר זענען חלילה אויסן דיך מצער צו זיין. עס איז נישט אונדזער שולד וואָס אויף דער וועלט מאַכט זיך נישט אַלץ ווי עס טראַכט זיך.

אונדזערע צוויי כעלעמער חכמים, ר׳ פּיוויש און ר׳ לייבוש, האָבן טאַקע ווייטער געטראָפן די זיבן גוטע יאָר. נאָר הינטער די פּאָלעס פון די זיבן גוטע יאָר באַהאַלטן זיך תמיד די זיבן שלעכטע. דאָס איז דער דרך־העולם זינט ששת ימי בראשית — און מען קאָן נישט זיין קיין קלי־גער קעגן אַ דרך־העולם.

דעריבער ענדיקן מיר די מעשה בכי־טוב. מיר ווינטשן דעם לייענער פריילעכערע מחשבות ווי מיר זענען געווען בכוח אים צו געבן. מיר מוזן זיך גרייטן צו דער גרויסער אסיפה פון אַלע חכמים און קלוגע יידן פון דער וועלט וואָס איז פאַרגעקומען אין כעלם. מיר וועלן פון איר דערציילן אין דער קומענדיקער מעשה.

## קאַפּיטל איינס

די ל״ו צדיקים און די וועלט־חכמים

**א** מחבר דאַרף זיין אויסגעהיט פון גאווה. איך טראָג מיך חס־ושלום נישט אַרום מיט דער איינרעדעניש, אַז נאָר צוליב די כעלעמער מע־שיות וואָס מיר שרייבן, איז זיך דער גוטער נאָמען פון כעלעמער חכמה צעגאַנגען איבער די תפוצות ישראל ווי שמעקעדיקער בוימאייל, און אַז אומעטום ווו עס האָט זיך געפונען אויף דער וועלט אַ ייד אַ חכם, האָט עס אים צוליב דעם געצויגן עולה רגל צו זיין קיין כעלם און אַ קוק צו טון אויף דער קלוגער שטאָט. ניין! כעלם איז געווען באַקאַנט ווי די ששת ימי בראשית — יעדער קלוגער ייד האָט אַליין געוווסט, אַז ער לעבט נאָר אין זכות פון כעלם.

אַלעמען איז גוט באַקאַנט: איינמאָל אין יאָר זאַמלען זיך די ל״ו צדי־קים צונויף מארבע כנפות הארץ און מאַכן אַן אסיפה. די אסיפה קומט פאָר טיף ערגעץ אין אַ פינצטערן וואַלד. די ל״ו צדיקים באַראָטן זיך דאָרט ווי עס האַלט מיט דער וועלט, וואָס זיי טראָגן אויף זייערע פלייצעס. עס שרייבן דערפון סיי ספרים אויף לשון־קודש און סיי די מעשה־ביכלעך אויף עברי־טייטש.

די ל״ו זענען האָרעפּאַשנע און גוטמוטיקע יידן. זיי ווייסן וויל: אויף אַן אסיפה וועלן זיי זיך נישט צעקריגן. די ל״ו זענען ווייט פון קנאה און אַריינזאָגעניש. יעדע אסיפה שטאַרקט ביי זיי די אהבה און זיי ווערן נאָך מער צענויפגעבונדן צווישן זיך. אויב זיי אַמפּערן זיך אַמאָל איז עס נאָר דערפאַר: יעדער איינער פון זיי וויל דווקא, אַז דער אַנדערער זאָל זיצן אויבנאָן און ער אַליין זאָל זיצן פון אונטן. די ל״ו ווילן זיך נאָר איינער דעם אַנדערן אָנטון וואָס מער כבוד. מחמת יעדער ל״וניק מיינט, אַז ער איז

דער קלײנסטער צווישן די זעקס און דרייסיק צדיקים אין וועמענס זכות עס שטייט די וועלט.

די חכמים האָבן נישט די טבע פון די ל״ו. איידער צו ציטערן איבערן כבוד פון אַ צווייטן, איז עס אַ סך גלייכער — האָבן די חכמים אַ כלל — צו ציטערן פאַרן אייגענעם כבוד. טאָמער לאָזט חלילה עמיצער אויף זיי פאַלן אַ שפּרענקעלע — ווייל איך גאָר נישט עפענען מיין מויל צום בייזן — פירן זיי זיך דעמאָלט אויף גלייך ווי זיי וואָלטן נישט געווען די קלוגע פון דער וועלט, נייערט, במחילה, די נאַראָנים פון דער וועלט. פאַר אַן אסיפה ציטערן זיי ווי פאַר פייער. יעדער איינער פון די חכמים האָט מורא, אַז מען וועט אים דאָרט נישט אָפּגעבן דעם כבוד וואָס עס קומט אים לפי דעתו.

פאַרשידן זענען די דרכים אויף אונדזער עולם הדמיון. פאַרשידן זע־נען אויך די וועגן פון די פּשוטע האָרעפּאַשנע ל״ו אין די וועלדער, און פון די האָפערדיקע חכמים אין די שטעט.

---

## קאַפּיטל צוויי

די חכמים פון דער וועלט גאַרן אָנצוקוקן כעלם

דאָך מוז מען דאָך אַמאָל מאַכן אַ וועלט־אסיפה פון די וועלט־חכמים. פאָרט מוז דאָך אַ חכם ערגעץ אין האָצעפּלאָץ צי אין בויבעריק אַמאָל אַ קוק טון אויף כעלם.

אין דער וועלט טאָרן נישט פעלן קיין קלוגע יידן פונקט ווי עס טאָרן דאָרט נישט פעלן קיין תמימותדיקע ל״ו. חכמה איז די צווייטע וואָג־שאָל פון תמימות. די וועלט קאָן זיך אויך נישט באַגיין אָן די קלוגע — הגם זי האָט גאָר אָפּט פון זיי געבערענטע צרות.

צווישן די נעמען פון אַנדערע קלוגע יידן האָבן דעמאָלט געקלונגען ווי שאַליקע גלאָקן די נעמען פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער, מרדכי ראַקאָווער, אפרים גריידיקער און שייקע פייפער. די תפוצות ישראל האָבן זיך געשאָקלט פון געלעכטער ווען אָט די פיר יידן האָבן געעפנט זייערע מיילער. זייערע שפּיצלעך און גלייכווערטלעך האָבן אויסגעקוקט צו עפּענען די טירן פון אַלע שבע חכמות. נישט איינמאָל האָבן זיי אויסגעשטעלט אַ ייד פאַר אַ לעקעש. הערשעלע אָסטראָפּאָליער און מרדכי ראַקאָווער האָבן דערגרייכט מיט זייערע גלייכווערטלעך צו די אויערן פון די גרעסטע צדיקים. די גרעסטע צדיקים האָבן געשמייכלט און דערלאָזט אַז הערשעלע אָסטראָפּאָליער און מרדכי ראַקאָווער זאָלן ביי זיי אויסנאַרן אַ מלבוש צי אַ פאָר גראָשן. נישט געקוקט אויפן פינצטערן גלות האָבן יידן פון גרויס ביז קליין, אָנגעקוואָלן פון אָט די פיר פריילעכע חכמים.

אַ חוץ דעם האָבן אָט די פיר קלוגע יידן געהאַט אַלע מעלות פון אמתע חכמים. היינו: כלומרשט האָבן זיי אַלעמען אָפּגענאַרט. אַלע אַנדערע אָבער האָבן געהאַט אויף שבת. און די חכמה? זי האָט נעבעך קיינמאָל נישט אויף שבת.

דאָך האָבן זיך די קלוגע יידן אין די תפוצות ישראל געפילט ווי צע־שפרייטע איינצלנע זאַמדעלעך פון חכמה אין אַ וועלט וואָס עס פעלט איר די קלעפּקע און מען טוט איר כסדר אָן דעם ספּאָדיק. זיי, די חכמים, האָבן אין די ווייטקייטן ווו יידן וווינען, פאַרנומען פון דער קלוגער שטאָט כעלם. אַ שטאָט ווו אַלע זענען קלוג. די חכמים האָבן געגאַרט זי צו זען. זיי וואָלטן שוין לאַנג געווען געפאָרן אַהין אַ קוק צו טון אויף דער שטאָט כעלם. עס האָט זיי אָבער געפעלט אויף הוצאות.



## קאַפּיטל דריי

### הימל און ערד און חכמים־קאָנגרעס

מען ווייסט נישט אויף געווי וועמען אין כעלם עס איז איינגעפאַלן דער ערשטער געדאַנק צו מאַכן אַן אסיפה און צוזאַמענרופן קיין כעלם די חכמים פון גאָר דער וועלט, כדי זיך צו באַראָטן ווי עס האַלט און צו טראַכטן אויף מירצעשעם ווייטער.

אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז דאָס איז געווען אַן איינפאַל פון די כעלעמער שרייבער.

דער אומבאַקאַנטער ייד וואָס דערציילט אַלע סודות פון די כעלעמער שרייבער זאָגט אפילו כהאי לישנא — וועמען, וועמען, נאָר די כעלעמער שרייבער איז שווער חושד צו זיין אין צווי זאַכן: ראשית, אַז דער קאָפּ ליגט זיי מער אין דער טובה פון כעלם ווי אין באַווייזן וואָס זיי יוכלן מיט דער פּעדער. שנית: גייען זיי ממש אויס פאַר פרסום. זיי ווילן דווקא זיין אין די מיילער פון דער גאַנצער וועלט. כעלם אַליין מיט אירע פרנ־סים זענען געוואָרן פאַר זיי צו ווינציק און זיי האָבן געוואָרפן אַן אויג אויף די תפוצות. די שרייבער האָבן ביי זיך געטראַכט (שרייבט דער אומבאַ־קאַנטער ייד): קודם וועלן מיר צוזאַמענבריינגען אַלע חכמים פון דער וועלט קיין כעלם אויף אַן אסיפה. די פרעמדע חכמים ווען זיי וועלן, מירצעשעם, צוריקקומען אין די תפוצות, וועלן זיי אויספויקן אויף אַלע פויקן און אויס־קלינגען אויף אַלע גלאָקן וואָס זיי האָבן געהערט און געזען ביי די כעלע־מער שרייבער.

תחילת האָט מען געמיינט, אַז עס זענען אָנגעקומען די ימות־המשיח. מען איז גאָר נישט געווווינט געווען דערצו אַז די כעלעמער שרייבער זאָלן זיין אין איין דעה און פלוצלינג אויפהערן אויסצודראַפּען איינער ביים אַנדערן די אויגן. כעלעמער שרייבער האָבן געברענט ווי אויף הייסע קוילן,

כדי וואָס גיכער אַהער צו ברענגען אין שטעטל אַריין די חכמים פון דער וועלט, ובתוכם הערשעלע אָסטראָפּאָליער, שייקע פייפער, מרדכי ראַקאָווער און אפרים גריידיקער.

כדי די אסיפה זאָל נישט אויסקוקן ווי אַ פּשוטע כעלעמער אסיפה און זי זאָל האָבן דאָס גרויסע אָנזען, האָבן די כעלעמער שרייבער איר געגעבן אַ נאָמען אויפן לשון פון תרגום „פּראַלניק״. מען האָט זי אָנגערופן „חכמים־קאָנגרעס״.

עס האָט לאַנג געדויערט ביז די כעלעמער ראשי־הקהל, ובתוכם ר׳ יוסף לאָקש ור׳ קיווע בלאָז, האָבן געקאָנט נאָכזאָגן דעם דאָזיקן טער־קישן נאָמען. דאָך האָבן זיי זיך אים אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק. אַלע פּרנסים אין כעלם האָבן כסדר נאָכגעזאָגט „חכמים־קאָנגרעס״. אפילו אַזאַ קלוגע יידענע ווי די מרת שאָשע האָט אויך געזאָגט „חכמים־קאָנגרעס״. ר׳ געצל גדליהן דעם זאַאיקע איז עס אָנגעקומען אַ ביסל שווערלעך, צום סוף האָט ער נישט מער געטון נאָר געשטאַמלט:

— קאָ־קאָ, קאָ־קאָ — גרעס.

# קאַפּיטל פיר

מען גייט איבער די הייזער

עס האָט געהאַלטן ביי הוצאות הדרך. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די חכמים פון דער וועלט זענען נעבעך ביטערע קבצנים. די קליגסטע פון די קלוגע, נעמלעך, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, שייקע פייפער, מרדכי ראַקאָ־ווער און אפרים גריידיקער, זענען ביי זייער גאַנצן פריילעכן געמיט שטענ־דיק געווען הונגעריקע. איז, אויב מען וויל אַז די קליגסטע יידן פון די תפוצות זאָלן קומען קיין כעלם אויפן „חכמים־קאָנגרעס" — מוז מען זיי שיקן אויף הוצאה. מען מוז נאָך צושיקן עטלעכע גראָשן פאַר זייערע הויז־געזינטן.

ווען ס׳איז געקומען צו הוצאה האָבן זיך די כעלעמער שרייבער גע־מאַכט געפגרט. זיי האָבן געטענהט — שרייבט דער אומבאַקאַנטער ייד — אַז זייערע קעפּ ליגן נייערט אין עולמות־עליונים. אויפן חומר און אַנ־דערע נידעריקע גשמיות מוז זאָרגן ר׳ יוסף לאָקש. מען האָט געמאַכט אַן אסיפה. געווענלעך האָט זי געדויערט זיבן טעג און זיבן נעכט. ס׳איז גע־בליבן: בלי־נדר ערב יום־כפור זאָל מען אַוועקשטעלן אין בית־המדרש אַ קערה מיט אַ קוויטל: „בעד חכמי העולם". דערצו זאָל מרת שאָשע מיט נאָך עטלעכע גבאיטעס אַרומגיין מיט אַ פּאַטשיילע איבער די הייזער. אויב כעלם וויל האָבן אַ „חכמים־קאָנגרעס" און די חכמים פון דער וועלט זאָלן קומען און זי אָנקוקן, איז זי, כעלם, נישט קראַנק אַריינצובראָקן עט־לעכע גילדן.

## קאַפּיטל פינף

די חכמים פון דער וועלט קומען אויפן „חכמים־קאָנגרעס"

נאָך גרויס האַרץ־ברעכעניש און דינגעניש האָט מען קוים־קוים צוזאַמענגעשלעפּט די עטלעכע גילדן אויף הוצאה און דאָס קניפּל אַוועקגעשיקט פאַר די חכמים אין די תפוצות־ישראל.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז קיין כעלם אויפן מאַרק אָנגעפאָרן אַ גרויסע פאַרשטויבטע און צעריסענע בויד געשפּאַנט אין פיר פגירות. עס זענען אויף איר אָנגעקומען די גרעסטע חכמים פון דער וועלט. גאַנץ כעלם איז געשטאַנען אויפן מאַרק זשעדנע אָנצוקוקן די קלוגע געסט. די וועלט־חכמים זענען פאַמעלעכל אַראָפּגעקראָכן פון דער בויד. זיי האָבן אַלע אויסגעקוקט ווי ארחי־פרחי. משמעות, אַז פאָרנדיק איבער אַזוי פיל מרחקים איז אַלצדינג אויף זיי געוואָרן אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. זיי זענען געווען הונגעריק און נישט אויסגעשלאָפענע און האָבן בייזלעך געענטפערט עליכם־שלום ווען די כעלעמער יידן האָבן זיי אָפּגעשטעקט שלום־עליכם. מען האָט עס אויסגעטייטשט: מן־הסתם זענען די חכמים שטאַרק אָפּגעשוואַכט פון אַזוי פיל פאָרעניש.

די לעצטע זענען פון דער בויד אַראָפּגעקראָכן די פיר קליגסטע יידן פון די תפוצות־ישראל: הערשעלע אָסטראָפּאָליער, שייקע פייפער, מרדכי ראַקאָווער און אפרים גריידיקער. האָט דאָך שוין כעלם אויף אירע אויגן עפּעס געזען יידן אביונים, אָבער די דאָזיקע פיר יידן זענען געווען אביונים פון אביונים־לאַנד. ר׳ פייפקע דער ליטוואַק האָט קעגן זיי אויסגעקוקט ווי אַ פרנס־חודש. זיי זענען געגאַנגען קרוע ובלוע, באָרוועס און נאַקעט. דערפאַר זענען זיי אַראָפּ פון דער בויד פריילעכע און לוסטיקע און באַלד געזאָגט גלייכווערטלעך. זיי האָבן געזאָגט, אַז ווען זיי האָבן נאָר אַ קוק געטון אויף דער ערשטער כעלעמער ציג, האָבן זיי באַלד געזען, אַז זי ווער

זיך נישט לאָזן פירן אין באָד אַריין. עס פרייט זיי זייער, האָבן אַלע פיר געזאָגט בפה אחד, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט די נאַרישע וועלט און אָנגעקומען אין אַ קלוגער שטאָט. נאָר אין עצה ואין תבונה קעגן אַ גוטער וועטשערע — האָט געזאָגט הערשעלע אָסטראָפּאָליער און די איבעריקע דריי האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. — און, אַז איידער מען וועט גיין אויפן „חכמים־קאָנגרעס" און אָנהויבן צו שמועסן חכמה, וואָלט גלייכער געווען עפּעס אָפּצועסן.

שייקע פייפער האָט נאָך מצדו צוגעלייגט אַ גראָב ווערטל און אַלע האָבן געלאַכט.

# קאַפּיטל זעקס

ר׳ יוסף לאָקש מאַכט אַ סעודת־ראש־חודש

פֿון דעם „חכמים־קאָנגרעס״ גופא איז פאַראַן קנאַפּ וואָס צו דערציילן. דערפאַר וועל איך בעסער דערציילן פון דער גרויסער סעודת־ראש־חודש וואָס ר׳ יוסף לאָקש האָט געמאַכט פאַר די חכמים פון דער וועלט. מרת שאָשע האָט אַלעמען געוויזן וואָס עס הייסט אַזוינס אַ גוטע באַלע־באָסטע.

למען האמת מוז מען זאָגן: אָן חוזק דעם שטאָט־נאַר וואָלט זיך מרת שאָשע נישט קיין עצה געגעבן מיט דעם צוגרייטן. חוזק האָט געשלעפּט גאַנצע קאָשיקעס מיט שרייענדיקע גענדז צום שוחט און די גענדז צוריק געבראַכט שטילע און געקוילעטע. ער איז געזעסן ביי דער פּאָמעניצע און געשיילט קאַרטאָפלעס, געטראָגן וואַסער און געהאַקט האָלץ. מרת שאָשע האָט בלויז געוואַלגערט לאָקשן, געשאָבן מייערלעך צום צימעס און גע־שטאַנען ביי די קאָכעדיקע טעפּ.

גאַנץ כעלם איז געשטאַנען הינטער די פענצטער און צוגעקוקט ווי מרת שאָשע מאַכט גרויס דעם נאָמען פון דער שטאָט אין אַלע תפוצות־ישראל. מחמת די חכמים וועלן זיכער מער דערציילן פון ר׳ יוסף לאָקשס סעודת־ראש־חודש ווי פון „חכמים־קאָנגרעס״.

די פיר גרעסטע חכמים, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, אפרים גריידיקער, מרדכי ראַקאָווער און שייקע פייפער, האָבן זיך צום סוף רק אָנגעהויבן חברן מיט דער מרת שאָשע און געקומען צו איר אין קיך, כדי טועם צו זיין פון דער סעודה נאָך איידער וואָס און איידער ווען.

מרת שאָשע איז צו זיי צוגעשטאַנען אַז זיי זאָלן איר זאָגן חכמה. אַלע פיר האָבן איר געענטפערט בפה אחד: ווערדליק זיי ווייסן ליגט די גרעסטע חכמה אין די טעפּ פון אַ גוטער סעודת־ראש־חודש, און שלמה המלך האָט זיך מיט גאָר נישט וואָס איבערצונעמען קעגן אַ גוטער באַלעבאָסטע.

# קאַפּיטל זיבן

וואָס האָט זיך געטון אויף דער סעודהניו?

אויבנאָן ביים טיש פון דער גרויסער סעודת־ראש־חודש זענען געזעסן ר׳ יוסף לאָקש, ר׳ קיווע בלאָז און ר׳ געצל גדליה דער זאַאיקע. אַרום דעם טיש זענען געזעסן די חכמים פון די תפוצות און צווישן זיי אַלע כעלעמער פאַרשוינען, וועלכע מיר האָבן באַשריבן אין אונדזערע מעשיות. די פיר גרעסטע חכמים הערשעלע אָסטראָפּאָליער, מרדכי ראַקאָווער, שייקע פייפער און אפרים גריידיקער האָבן אַלעמען געוויזן, אַז נישט בלויז ביי דער חכמה, נייערט אויך ביי דער שיסל זענען זיי די אויבערשטע פון שטייסל. זיי האָבן געמאַכט אין זייערע טעלער אַ מדבר שממה און געריבן אויף וואָס די וועלט שטייט. ס׳ערשטע מאָל זינט כעלם שטייט האָט ר׳ קיווע בלאָז נישט געזאָגט קאַפּויער. ער האָט אַלצדינג מסכים געווען מיט הערשעלע אָסטראָפּאָליער, געשאָקלט מיט דער באָרד און אַלע מאָל געשריגן: האַ, וואָס זאָגט איר ר׳ הערשעלע?

נאָר די כעלעמער שרייבער זענען געזעסן אָנגעברוגזטע. עפּעס האָט זיי געשטאָכן דער האָבער. זיי האָבן זיך געקריגט אינמיטן דער שיינער סעודת־ראש־חודש.

משמש געווען די חשובע געסט האָט ר׳ מנשה דער בית־דין־שמש און חוזק דער שטאָט־נאַר.

פּונקט פאַרן צימעס האָט זיך געעפנט די טיר. ס׳איז אַריינגעקומען עפּעס אַ יעקע אין אַ קאַפּעליוש. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט. ר׳ לייבוש האָט געזאָגט צו ר׳ פּיוווישן אויפן אויער:

— מיר דאַכט זיך, אַז עס איז אַ יעקע, און מיר דאַרפן אים שוין אָנטון דעם ספּאָדיק.

אַלע האָבן געשוויגן און געקוקט אויף דעם פּרעמדן פּאַרשוין. דער פּרעמדער האָט זיך פּאַרנויגט ווי אַ פּריץ און געזאָגט אויף דייטשמעריש:

— איך נענע מיך אַלבערט איינשטיין.

סיי פון די כעלעמער און סיי פון די וועלט־חכמים האָט משמעות קיי־נער נאָך נישט געהאַט געהערט אַזאַ נאָמען.

דער פּרעמדער האָט ווייטער גערעדט אויף דייטשמעריש:

— איך בין אַ שטערן־קוקער און האָב אויסגעקוקט אין די הימלען, אַז אַלע רעדלעך פון דער וועלט דרייען זיך נאָר אויף מכלומרשט. אַלצדינג איז נייערט אַ פּורים־שפּיל און אַ פּאַרבלענדעניש. די צייט איז אַ לעמעשקע און אויף יעדן שטערן בעבעט זי אויף אַן אַנדער לשון. די וואָס זאָגן, אַז צוויי און צוויי איז פיר ווייסן נישט ווער עס האָט זיי געשלייערט און רעדן סתם פון די הינערפלעט. ווייס איך וואָס! האָט איינשטיין פּלוצלינג אָנגעהויבן צו רעדן ווי ר׳ פּייוקע דער ליטוואַק. אַז דער עולם־הדמיון האָט נישט קיין שום דרך — דאָס ווייסן בלויז די זעלטנסטע פון די געלערנטע. ווי איך האָב געהערט, זאָגן עס ביי אייך אין כעלם קינד און קייט. דערפאַר איז אייך געראָטן אַריינצוכאַפּן די לבנה אין אַ פאַס. איך בין אַ שטערן־קוקער און בין געקומען אייך אָנקוקן.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט זיך אויפגעשטעלט און געגעבן דעם פּרעמדן יעקע שלום־עליכם.

— אויב אַזוי, האָט געזאָגט הערשעלע אָסטראָפּאָליער, זייט איר אַ משלנודיקער, ר׳ איינשטיין, און איר פּאַרשטייט אַן עסק. וואַשט אייך, זייט מוחל, און עסט מיט אונדז צוזאַמען דעם כעלעמער סעודת־ראש־חודש.

— חוזק! האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער אַ געשריי געטון צום כעלע־מער שטאָט־נאַר, ברענג וואַסער פאַר ר׳ איינשטיינען.

און מען האָט איינשטיינען אָנגעטון אַ יאַרמולקע און אים אַוועקגע־זעצט צווישן די כעלעמער חכמים.

